# דאס יודישע ווארט

# DAS JÜDISCHE WORT.

צייטשריפט פיר ליטעראטור, וויססענשאפט, קריטיק און געזעללשאפטליכען לעבען.

ערשיינט וואכענטליך אין קראקוי. — הערויסגעבער: אברהם רייזען.

קראקוי, פ״ז אדר א׳ תרס״ה. — ערשטער יאהרגאנג. — Krakau, 21 Februar 1905.

נומר 8.


## אינהאלט:




עס ווערט אנגענומען דאס אבאנעמענט אויף די טעגליכע צייטונג

דריטער יאהרגאנג. „דער פריינד" דריטער יאהרגאנג.

„דער פריינד" געהט ארויס נאך דעם פראגראם פון גרויסע אלגעמיינע טעגליכע צייטונגען. ער בריינגט אלע טאג צוגלייך מיט די גרעסטע צייטונגען טעלעגראמען, נייעס און בריעף פון דעם אלגעמיינעם, ווי אויך פון דעם יודישען לעבען אין רוסלאנד און אין אויסלאנד.

„דער פריינד" גיט ארטיקלען איבער פאליטיק, איבער פראגען פון יודישען און אלגעמיינעם לעבען.

„דער פריינד" גיט אב פיעל ארט פאר ערצעהלונגען, פעליעטאנען און וויססענשאפטליכע ארטיקלען.

„דער פריינד" גיט זיינע אבאנענטען תשובות פון ספעציאליסטען אויף פראגע איבער געזעצען און רעכט און איבער טעכניק און מלאכ״ה.

„דער פריינד" האט אייגענע שטענדיגע קארעספאנדענטען אין אלע גרעסטע שטעט אין רוסלאנד און אין אויסלאנד.

פון 1־טען יאנואר 1905 הויבען מיר אן ארויסצוגעבען פאר די אבאנענטען פון „פריינד" א מאנאטליכען זשורנאל פאר ליטעראטור, וויסענשאפט און געזעלשאפטליכע פראגען

„דאס לעבען"

לויט דעם פאלגענדען פראגראם:

1) בעלעטריסטיק: ראמאנען, ערצעהלונגען, דראמען, שירים.

2) וויסענשאפט: א) ארטיקלען פון דער יודישער און אלגעמיינער געשיכטע; ב) ביאגראפיען פון בעריהמטע מענשען; ג) היסטארישע ארטיקלען וועגען דער יודישער און אלגעמיינער ליטעראטור; ד) ארטיקלען איבער די וויסענשאפטען וועגען דעם געזעלשאפליכען לעבען סאציאלאגיע, פאליטישע עקאנאמיע, סטאטיסטיק א. ז. וו. ה) נאטור־וויסענשאפט, מעדיצין און היגיענע; ו) פילאסאפיע, פסיכאלאגיע און פעדאגאגיק.

3) פובליציסטיק: ארטיקלען וועגען די וויכטיגסטע צייט־פראגען ווי פון דעם יודישען, אזוי אויך פון דעם אלגעמיינעם לעבען.

4) קריטיק: ארטיקלען וועגען ליטעראטור און קונסט.

5) ביבליאגראפיע: קורצע בעריכטען וועגען נייע ביכער, יודישע און אלעמיינע.

אין זשורנאל „דאס לעבען" וועלען געדרוקט ווערען בילדער און פארטרעטען.

דער זשורנאל „דאס לעבען" וועט ארויסגעהן אונטער דער זעלבער רעדאקציע און ביי דער בעטייליגונג פון די זעלבע מיטארבייטער, ווי דער טעגליכער „פריינד".

דאס אבאנעמענט אויף דעם זשורנאל ווערט אנגענומען נור פון די אבאנענטען פון „פריינד".

אבאנעמענטס־פרייז אויף די צייטונג „דער פריינד" (אהן דעם זשורנאל) אין רוסלאנד: אויף א יאהר—7 רובל, א האלב יאהר—3.50 ר׳, א פיערטעל יאהר—1.75 ר׳.

אבאנעמענטס־פרייז אויף דעם „פריינד" אינאיינעם מיט דעם זשורנאל „דאס לעבען" אין רוסלאנד אויף א יאהר—10 רובל, א האלב יאהר—5 ר׳, א פיערטעל יאהר—2.50 ר.

אין אויסלאנד קען מען אויסשרייבען דורך די פאסט.

אדרעססע:

Redaction „DER FRAIND" St.-Petersburg, Wosnessenski Prospekt, 53.

# קאטאלאג פון ביכער, וועלכע זענען ערשינען אין פערלאג פון י. לידסקי, ווארשא, נאלעווקי 32.

---

**פרצ׳ס בלעטליך.** א זאמלונג פון פאפולערע וויסענשאפט־ליכע ארטיקלען, ערצעלונגען, געדיכטע, פעליטאנען, וויצען א. ז. וו. פון די בעסטע שרייבער. 2 בענדער. פרייז 1 רובל.

**דאס צוואנציגסטע יאהר־הונדערט.** א זאמעל־בוך פיר ליטעראטור, וויסענשאפט און קריטיק. רעדאגירט דורך אברהם רייזען. פרייז 50 קאפ׳.

**די געהיימניסע פון דער וועלט** אדער א סוף פון דער וועלט. פאפולערע אסטראנאמיע מיט 32 פיגורען אינ׳ם טעקסט. פון מיכל וועבער. פרייז 50 קאפ׳.

**רב שלמה.** ערצעהלונג פון דוד פינסקי פרייז 15 קאפ׳.

**די אומבעקאנטע פערליעבטע.** א ראמאן פון י. לעווינסקי (יהל) פרייז 40 קאפ׳.

**די ערשטע ליעבע.** א ראמאן פון יודישען לעבען פון י. לעווינסקי. פרייז 40 קאפ׳.

**צו אונזערע שוועסטער אין ציון.** עטליכע ווערטער פאר יודישע טעכטער. פון שלום־עליכם. פרייז 8 קאפ׳.

**אויף וואס דארפען יודען א לאנד?** ערנסטע ווערטער פאר׳ן פאלק. פון שלום־עליכם. פרייז 8 קאפ׳.

**נס חנוכה.** א וויכטיג בלעטעל פון דער יודישער היסטאריע פון ד״ר יצחק שמוקלער. פריז 8 קאפ׳.

**אבן נגף** אדער א שטיין אין וועג. א ראמאן אין 4 טהייל. פון יעקב דינעזאהן פרייז 1 רובל.

**הערשעלע.** א ראמאן פון יעקב דינעזאהן. פרייז 50 קאפ׳.

**יאסעלע.** ערצעהלונג פון יודישען לעבען פון יעקב דינע־אהן. **דאס יודעלע.** ליעדער. פון א. גאלדפאדען. פרייז 30 קאפ׳.

**זשידאווקא.** א טראגעדיע אין 5 אקטען פון י. י. לערנער. פרייז 25 קאפ׳.

**אוריאל אקאסטא.** א טראגעדיע אין 5 אקטען. פון י. י לערנער. פרייז 25 קאפ׳.

**שולמית,** א מעלאדראמא אין 4 אקטען פון א. גאלדפאדען. פרייז 25 קאפ׳.

**כישופמאכערן.** א אפערעטא אין 5 אקטען פון א. גאלדפאדען. פרייז 25 קאפ׳.

**באבע מיט דעם איניקיל.** מעלאדראמא אין 3 אקטען פון א. גאלדפאדען פרייז 20 קאפ׳.

**דאקטאר אלמאסאדא.** אפערעטא אין 5 אקטען פון א. גאלדפאדען פרייז 20 קאפ׳.

**קני לעמיל.** אפערעטא אין 4 אקטין פון א. גאלדפארען. פרייז 20 קאפ׳.

**קאבצנזאהן און הונגערמאן.** אפערעטא אין 4 אקטען. פון א. גאלדפאדען פרייז 20 קאפ׳.

אדרעסע:

J. Lidski Warschau Nlewka 32.

---

**הויפט פערטרעטער פון „דאס יודישעווארט" פיר גאנץ ענגלאנד און קאלאניען:**

**R. MASIN & Co. 65 Oldmantaguest.**
**London N. E.**

---


פיר אנדערע לענדער און וועלטהיילען ווערען אגענטען און פערטרעטער געזוכט.

# קאטאלאג

## פון פאסט קארטען פערלאג „יודישע קונסט

פרייז פיר 100 שטיק 50—1 איינצעלנע קארטען א 3 קאפ׳.

### ביבלישע מענער

- 101 אברהם אבינו
- 102 לוט ובנותיו
- 103 יצחק מברך את יעקב
- 104 יעקב אצל לבן
- 105 יהודה ותמר
- 106 משה על הר סיני
- 107 אהרן הכהן
- 108 משה אהרן וחור
- 109 שמשון הגבור
- 110 שמשון ודלילה
- 111 עלי הכהן מברך את הנער שמואל
- 112 שאול המלך הטיל החנית על דוד
- 113 שמואל הנביא
- 114 דוד המלך על השמינית
- 115 שלמה המלך
- 116 ישעיה הנביא
- 117 ירמיה הנביא, כותב מגילת איכה
- 111 ויכתב ברוך את אשר דבר ד׳ אל ירמיה הנביא
- 119 נביאות יחזקאל
- 120 יונה הנביא תחת קיקיון
- 12 ב
- 121 דניאל בגוב אריות
- 123 מתתיהו כהן גדול
- 124 מתתיהו דוקר את עובד הבעל
- 125 אליהו הנביא.

### ביבלישע פרויען

- 201 שרה
- 202 הגר
- 203 רבקה
- 204 רחל
- 205 יוכבד ומשה
- 206 מרים
- 207 דבורה
- 208 בת יפתח
- 209 יהודית מתפללת
- 210 יהודית לפני הוליפרנוס
- 211 יהודית עם ראש הוליפרנוס
- 212 בת שבע
- 213 רות
- 214 שולמית
- 215 אסתר.

### עיר הקודש ופליסטינה

- 301 רחוב יפו
- 302 ירושלים
- 303 קבר רחל אמנו
- 304 כותל מערבי
- 305 מקום המקדש
- 306 הברון ומערת המכפלה
- 307 הר ציון וקברי מלכי בית דוד
- 308 הר הכרמל
- 309 קאלאנייע עקרון
- 310 „ שילה
- 311 „ גן שמואל
- 312 ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים.

### ציונים

- 401 ד״ר הערצל
- 402 נארדא און מאנדעלשטאם בעגריסען הערצלען
- 403 הערצל, נארדוי, מאנדעלשטאם לאזאר, גאסטער
- 404 הלוית הארון של ד״ר ט. חערצל

### ליטעראַרישער אלבאם

- 501 שירת בת ציון
- 502 והיה באחרית הימים
- 503 זשידאָווקא (סדר)
- 504 מוקדי עולם
- 505 אוריאל אקאסטא לעגט די תשובה
- 506 אוריאל אקאסטא לערענט מיט ברוך שפינאזי
- 507 התועה בדרכי החיים
- 508 אהבת ציון
- 509 סאלדאטען פיינגער.

### תפלות, ימים טובים ומנהגים

- 601 הנחת תפילין (בר מצוה)
- 602 הדלקת נר שבת
- 603 קידוש ליל שבת
- 604 הרב מברך את התלמיד
- 605 שמע ישׂ־אל ד׳ אלהינו ד׳ אחד
- 606 תפלת שבת בבית הכנסת
- 607 יהודים ספרדים
- 608 חג חשמנאים (חנוכה)
- 609 סדר של פסח
- 610 פסח. ליליען
- 611 תקיעת שופר
- 612 תקיעת שופר פאָרמאט קטן
- 613 ותשובה, ותפלה, וצדקה, מעבירי את רוע הגזירה
- 614 כפרות שלאָגען בגאליציע
- 615 „ „ בליטא
- 616 „ „ פיר קינדער
- 617 ברכות הורים בערב יום הכפורים
- 618 „ „ „ פארמאט קט.
- 619 מאן און פרוי ווינשען זיך ערב יום כפור ביים שול איינגאנג
- 620 קאמעראדען ווינשען זיך גליק ערב יום כפור
- 621 ישימך אלהים כאפרים וכמנשה
- 622 יום תרועה יהיה לכם
- 623 בראש השנה יכתבון
- 624 תקעו בחדש שופר
- 625 ואנחנו כורעים ומשתחוים ומודים
- 626 יברכך ה׳ וישמרך
- 627 ואני תפלתי לך ה׳ עת רצון
- 628 ברכת אתרוג

### סופרים עברים ומשוררים

- 700 אבראמאָוויטש (מענדעלע מוכר ספרים)
- 771 פרץ סמאָלענסקי
- 702 נ. סאָקאָלאָוו
- 703 י. ל. פרץ
- 704 ש. פרוג
- 705 שלום עליכם
- 706 יעקב דינעזאָהן
- 707 מ. ספעקטאָר
- 708 אברהם רייזען
- 709 מאררים ראָזענפעלד
- 710 דוד פינסקי
- 711 שלום אש.

אדרעססע: J. Lidski Warschau, Nalewki 32.

I. Jahrgang. DAS JUDISCHE WORT. Nr 8.

# דאס
# יודישע ווארט

צייטשריפט פיר ליטעראטור, וויססענשאפט,
קריטיק און געזעללשאפטליכען לעבען. - - -

ערשיינט וואכענטליך אין קראקוי.

הערויסגעבער: אברהם רייזען.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
עסטרייך-אונגארן —.8 קראנען.
האלב-יאהרליך —.4 „
פירטעל-יאהרליך —.2 „
דייטשלאנד —.8 מארק.
ארץ ישראל —.10 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא ענגלאנד —.10 שיל נג

פרייז פון אנאנסען:
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט
20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

די אדרעסע פיר עסטר.-אונגארן
און אנדערע לענדער:
Red. und Adm. „Das Jüdische Wort“, Krakau
Alte Weichselgasse 27.

דער פרייז פיר רוסלאנד:
גאנץ יעהרליך 3.50 רובל.
האלב יעהרליך 1.75 „
פיערטעל יעהרליך 90 קאפ.
מאנאטליך 30 „

איינצעלנע נומערן 8 קאפ.
20 העללער.

ענדערן די אדרעס קאסט 20 קאפ.

די אדרעסע פיר רוסלאנד:
Издательство
„ПРОГРЕССЪ“
Варшва, Налевки 32.

Krakau, 21 Februar 1905. נומער 8. קראקוי, ט"ז אדר א' תרס"ה.

## אונזערע אויפגאבען.

מיר לעבען איצט איבער א היסטארישען מאמענט. אין דעם וועלט סדור מישט זיך איבער א בלאט, וואס איז דורכגעווייקט מיט אונזערע בלוטיגע טהרערען. מען רעדט אין רוסלאנד פון ענדערונגען. מען רעדט פון א פריהלינג. מען רעדט אז די פרעסט האבען שוין נעלאזען, אז דער שניי איז שוין ווייך, אז נאך איין גוטען רעגען וועט פון איהם — דעם סימבאל פון שווערען ווינטער — קיין זכר ניט בלייבען; מען רעדט, אז מען וועט שוין ניט דארפען זיטצען פערמאכט אין שטוב און טוליען זיך איינער צום אנדערן פאר קעלט, אז מען וועט קענען הערויסגעהען אויפ'ן גאס, אבאטהמען מיט פרייע לופט און איך ווייס נאך וואס פאר א מין רחבות... מען רעדט פון שנויים, און גראד אויף בעסער, אין אונזער לאגע אין רוסלאנד. עס איז אלזא די העכסטע צייט זיך ארומקוקען, ווי מיר זעהען אויס און וואס אונז פעהלט. קורץ — וואס זענען אונזערע אויפגאבען.

---

אונזער לאגע אין רוסלאנד איז א גרויליכע. בכלל און בפרט. עקאנאמיש און פאליטיש. גייסטליך און קערפערליך. מיר אידען זענען צו קיין רחבות ניט צוגעוואוינט. דער מזל האט אונז קיין מאל ניט געפעסטיעט; מיר זענען שוין דערביי גאנץ לאנג שטיעף קינדער מיט א גוטע אדער א שלעכטע שטיעפמאמע; מיר קוקען אויף אונזער מצב מיט ספעציעלע פערקלענערונגסגלעזלאך; מיר מעסטען אונזער לאגע מיט א ספעציעלע מאס. מיר זענען צוגעוואוינט צו א סאך זאכען, פון וועלכע פיעל פון אונזערע שוועסטער קינדער האבען קיין בעגריעף ניט. מיר האבען אנגעווארען דעם חוש אויף א שטאך פון א שפילקע, א ציה ביים אויער און א פאטש איבער'ן היטעל. עס איז גאנץ שווער אונז ארויספיהרען פון געדולד. — גרויליך מוז דעריבער זיין אונזער לאגע אין רוסלאנד, ווען מיר קלאגען זיך איבער איהר; ווען מיר ווארפען זיך ווי א ברענעדיגע מויז אין די פולאפקע: — פון איין וואנד צו דער צווייטע; ווען מיר האבען שוין אנגעווארען די געדולד.

מיר זענען ניט מגזם. מיר קענען די אידישע געשיכטע. מיר וויסען, אז עס איז געווען א צייט — און דאס איז ניט לאנג — ווען די לאגע פון אידען איז געווען אין גאנץ אייראפא א גרויליכע, אז אביסעל נאך פריהער זענען געווען אינקוויזיציעס, געלע לאטעס אויף די פלייצעס, און די גאנצע צייט געהעטטאס. אין פערגלייך מיט דעם איז דאך די אידישע לאגע אין רוסלאנד גאר ניט קיין שלעכטע.

דאס אלעס ווייסען מיר און דאך זאגען מיר, אז די היינטיגע אידישע לאגע אין רוסלאנד איז אן ערגערע ווי זייער לאגע אין מיטעלאלטער. ווארום, צוליעב פיעל טעמים.

די אידישע שלעכטע לאגע אין מיטעלאלטער איז געווען נאטירליך פון דאמאלטיגען שטאנדפונקט: פון שטאנדעס שטאנד־פונקט. יעדער איינציגער מענש האט געהערט צו א געוויסען שטאנד און האט געהאט די זעלבע רעכט און פפליכט וואס זיין שטאנד. עס זענען געוועזען מעהר אין וויעניגער פריווילעגירטע שטאנדען, עס זענען אבער געווען אויך אזעלכע, וואס האבען געהאט נור פפליכטען. צו די לעטצטע האבען געהערט אויך די דאמאלטיגע אידען. די שלעכטע געזעלשאפטליכע לאגע פון די אידען איז געווען גאנץ נאטירליך, ווי נאטירליך עס איז געווען די נאך שלימערע לאגע פון דעם פער־שקלאפטען פויער.

דערביי איז דאן די אידישע לאגע איבעראל געווען די זעלבע. עס זענען ניט געווען קיין אויסנאהמען, קיין גיטע ביישפיעלען. פון אונזער היינטיגען שטאנדפונקט זעהט עס אויס גרויליך, ווילד בארבאריש, דאן אבער האט עס אויסגעזעהן נאטירליך. מיר זעהען דעריבער אז אין די אלע מיטעלאלטערישע קינות, וועלכע זענען צו אונז דערגאנגען, בעדויערט מען נור אויף הריגות און ספעציעלע פער־פאלגונגען; מיט דער דאמאלטיגער געזעלשאפטליכער לאגע זענען די אידען — נאטירליך מיט קליינע אויסנאהמען — געווען צופרידען.

גאנץ אנדערש איז אין רוסלאנד. איבעראל אויסער רוסלאנד איז די לאגע פון די אידען א מעהר אדער וויינעגער מענשליכע, איבעראל איבער די רוסישע גרענצען האבען די אידען וויינינגסטענס אין דער טהעאריע גלייכע רעכט מיט אלע שטאאטסבירגער. רוסלאנד איז — אויב מיר וועלען ניט רעכענען רומוניען, וועלכע געפינט זיך אין ספעציעלע עקאנאמישע בעדינגונגען — אן אויסנאהם. און וויל אויף דער וועלט זענען איצט ניטא קיין סודות, ווייסט יעדער איד זאגאר אין דעם פארווארפענסטען ליטווישען שטעדטיל, אז איבעראל איז אידען גוט, אז... עס קען זיין אידען גוט. דערפון מוז דער איד אין רוסלאנד פיעל ליידען. און ער ליידט טאקע: זיין זיפץ איז פול מיט יאוש, מיט פערצווייפלונג, מיט קנאה.

אין רוסלאנד איז ניטא קיין אויטאדיפע. אבער די אויסנאהמס־לאגע, אין וועלכער דער רוסישער איד געפינט זיך, ווערענד ארום איהם זענען זיינע גלויבענסברידער פרייע בירגער; די נאקעטקייט פון פאליטישע רעכט, ווערענד ניט ווייט לעבען זיינע ברידער מיט לייטען צוגלייך, ברענט איהם ווי א גיהנום־פייער.

אין רוסלאַנד טראָגען די אידען ניט קיין געלע לאַטעס אויף די פּלייצעס. אָבער דער רוסישער איד ווייס, אַז דאָרט איבערן גרענעץ האָט דער איד אַלע רעכט, אַז דאָרט קען דער איד ווערען זאָגאַר אַ מיניסטער; דאָ אָבער מעג ער זיין נור... אַ שפּיאָן.

אין רוסלאַנד איז ניטאָ קיין גהעטטאָ. קיין שטאַדטסגהעטטאָ איז אין רוסלאַנד ווירקליך ניטאָ. אָבער עס איז דאָ אַ שטאַאַטסגעהטטאָ אין מיטעלאַלטער האָבען די אידען — מיט קליינע אויסנאַהמען — געמענט וואָהנען אין דער גאַנצע מלוכה. נור אין יעדען שטאדט האָבען זיי געהאַט אַ בעזונדער אָרט. עס איז געווען נאַטירליך שלעכט, אָבער עס איז געווען זיכערער... די טויערן פון גהעטטאָ האָבען זיך פערמאַכט ניט נור פאַר די אידען, וואָס האָבען געוואָלט געהען אין שטאָדט, נור אויך פאַר פיעל אונגעבעטענע געסט פון שטאָדט. צושטערען דיזע גהעטטאָ איז געווען פיעל לייכטער ווי די רוסישע שטאַאַטסגהעטטאָ: אַסך לייכטער איז זיך איבערקלויבען אויף אַן אנדער גאַס אין דער זעלבער שטאָדט, צווישען דער זעלבער בעפעלקערונג, מיט וועלכער מען האָט עסקים, ווי איבערקלויבען זיך אין אַ פרעמדע שטאָדט, פראָווינץ מיט אַ גאַנץ פרעמדער בעפעלקערונג. דער איד וואַרפט אין גרעסטען טהייל ניט אוועק זיין היים שוין דערפאַר אליין, ווייל איהם פעהלען מאָראַלע און מאטעריעלע מיטלען דערצו. נאאיוו זענען די —לויט מיין מיינונג—וואָס מיינען, אַז ווי נור מען וועט אָבשאַפען די „טשערטא אָסידלאָסטי", וועלען זיך די אידען, צושפּרייטען אין גאַנץ רוסלאַנד. איך וועל שוין ניט ריידען דערפון, אַז דער איד איז צוגעבונדען צו זיין שטאָדט, געגענד און לאַנד ניט ווייניגער פאַר זיינע קריסטליכע שכנים; אַז דער איד פאָרט אויך ארויס נור פון נויטה; אַז ער בענגט אויך אַהיים יאָהרען לאַנג. נור זאָגאַר די וואָס וואָלטען וועלען ענטלויפען קענען אויך ניט ווייל... זי זענען געווען אזוי לאַנג געשטיקט ווי הערינג אין פאַס, ווייל זיי האָבען דאָרט אָנגעוואָרען זייער געזונד און ענערגיע ביז זיי האָבען זיך צוגעפּאסט און צוגעוואוינט צו אזא לעבען. דער בעסטער בעווייז איז גאַליציע. שוין עטליכע צעהנדליגע יאָהר ווי די אידען האָבען אין עסטרייך גלייכע רעכט. אין גאַליציע איז זייער עקאָנאָמישע לאַגע אַ גרויליכע; אין די אַנדערע עסטרייכישע מדינות איז זי אסך אַ בעסערע און דאָך שטיקען זיך די אידען אין די גאַליציאַנער קליינע שטעדטלאך און צושפּרייטען זיך ניט גלייכמעסיג אין דער גאַנצער מלוכה, — ווייל זיי זיינען אזוי צוגעוואָהנט צו דעם גאַליציאַנער דלות און פינסטערקייט, אַז זיי זענען ניט אומשטאַנד צו ערטראָגען קיין ליכטיגערע שיין.

די רוסישע שטאַאַטסגהעטטאָ איז נאָך אין איין הינזיכט ערגער פאַר דער שטאַדטסגהעטטאָ: וואָס גרעסער די צאָהל אידען איז אין אַ פראָווינץ, פאַלען זיי אַלץ מעהר צולאַסט דער ארטיגער בעפעלקערונג. דאָס זעהען מיר איבעראַל אין דער „טשערטא אסידלאסטי"

אין רוסלאַנד זענען מיר איצט די איינציגע וואָס לעבען אין אויסנאַהמסגעזעטצען. אַלע אנדערע בירגער זענען אין דער טהעאָריע גלייך. נור מיר אידען זענען אַן אויסנאַהם. דעריבער פיהלען מיר די אויסנאַהמסלאגע פיעל מעהר, ווייל מיר האָבען זאָגאר ניט קיין אח לצרה.

דערביי זענען מיר זאָגאר אין רוסלאַנד ניט געשטאַנען אויף איין אָרט. דאָס לעבען געהט איהר וועג און שטעלט געוויסע פאָדערונגען, וועלכע מוזען ערפילט ווערען. די עקאָנאָמישע בעדינגונגען האָבען זיך ענטוויקעלט און ארויסגערופען גרויסע ענדערונגען אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. מיר האָבען איצט אַן אינטעליגענץ, וועלכע קען שוין ניט לעבען אין דער פערשטיקטער לופט. מיר שטעקען מיט'ן קאָפּף אויסער דער גהעטטא. אָבער דער גאַנצער גוף איז נאָך דאָרט. מיר הענגען אין דער לופטען...

צו מיר וועלען בעקומען די רעכט?

ציוניסטען צווייפלען, זיי פערזיכערן זאָגאר, אַז ניט. און מיר פערשטעהען וואָרום. ווייל אין דעם מאָמענט, ווען די אידען וועלען אין רוסלאַנד בעקומען רעכט, ווערען די ציוניסטען אָן דעם לעטצטען פלאַטץ. מיר הערען גאַנץ אָפט ציוניסטען זאָגען, אַז דער ציוניסמוס פון מעריב איירָאפּא איז גאָר ניט ווערט. דאָס זעלבע וועט ווערען אין רוסלאַנד, ווי נור די אידען וועלען בעקומען גלייכע רעכט. די ציוניסטען ווילען דעריבער ניט, די אידען זאָלען בעקומען אין רוסלאַנד מענשענרעכט. *) ווייל זיי וועלענ ניט, די אידישע לאַגע זאָל זיך אין

*) פון פיעל ציטאַטען וועלען מיר ברייננגען איינעם: „והשנית, טענה'ן זיי, די ציוניסטען, אַז בירגער־רעכט איז אַ גרויסע סכנה פאַר'ן ציוניזמוס. וואָרום אויב מיר

---

# פעליטאָן.

❧❧❧

## פון דער שווערער צייט.

(אַ וואַרשויער פעליעטאָן).

---

דאָס קריסטליכע וואַרשוי איז פון דער הע'לער הויט פרום געוואָרען: איבער טהיר און טהויער, אין פענסטער און וויטרינעס, איבעראַל — הייליגע בילדער. דאָס פרומע קריסטליכע וואַרשוי קריגט פחד פאַר'ן הונגרינען, אַפּעליערט צום קריסטליכען רחמנות, יושר און ברידערשאַפט און ווייזט אָן מיט'ן מינדסטען פינגעריל צום יודישען שכן: יענער איז געוואָינט דערצו און די שטראָף וועט זיין לייכטער...

דערווייל פערשטעהט מען זיך נישט אויפ'ן ווינק.

אַ דרייצעהניעהרינער יאַשקאַ מיט איי אָבגעריסענעם דאַשעק אין אַ צושפּאַלטען אויער און „זיינס גלייכען" יוסקע מיט ליפּענדינע איינעליך און אַ צוקראַצט נעזיל, קוקען נישט אויפ'ן „להבדיל" פון צווישען שתי וערב און ארבע כנפות, און חאַפּען ביידע צוזאַמען איין פלאַש מאָנאָפּאָל, און וואַרפען אויף דער נעפּרוירענער גאַס. דאָס „לעבענדינע וואַסער", וואָס האָט געקאָנט דערקוויקען אזוי פיעל פרומע נשמות, שפּריצט לחלוטין אומזיסט אַרויס פון דער צערשמעטערטער פלאַש, איין אמת'ער „בל־תשחית", און די פלאַשען־שטיקער גליטשען זיך קלינגענדיג און פינקעלדיג, גלייך עפּיס רעכטס, ווייטער איבער'ן אייז...

אַ פרומע ווייבערישע נשמה, אַריינגעזעצט פון בעל־הרחמים־גאָט אין אַ גוף מיט אַ געשטיפּעלט און האַלב אָנגעשוואָלען פּנים, חאַפּט אַ פלאַש אונטער אַ שאַל און לויפט צו'ן אַ ווינקעל און וויל שוין אַ ברכה צו מאַכן. — יאַשקא און יוסקע האָבען עס דערזעהען: שטעה, אַלטע מכשפה! מיר זענען קיין גנבים נישט! און מען רייסט איהר אויס פון אונטער דער שאַל די פלאַש, טראַק! עס שפּריצט, עס קנאַקט — —

און פאַר גרויס שמחה איבער'ן נצחון חאַפּען זיך יאַשקא און יוסקע ארום און זינגען, און טאַנצען מיט האַלב־באָרוועסע פיס איבער אייז און גלאָז...

---

אַ גרויסער הויפען געהט. ערנסט, גלייך, „פּריוועסאָוויקים" מיט מיצען און קאַפּעליושען אויסגעמישט, איבער דער נאַס, די אויגען פאַר זיך, גלייך!... זיי געהען אפשר אַ קענען משיח'ן?

צווישען עולם דערהערט זיך אַ קול: „עה, גוטע ברידער! וואו אַ הין געהט איהר? וואָס טהוט איהר? אויף דער פראַנציסקאַנער גאַס האָבען יודען אַ גלח געטויט! קימט!" דער עולם פערציטערט אַ ווײַלע, נור עמ'יץ נעמט די שלאַנג אָן ביי אַ לאַץ: „אין וועלכער פאַבריק ארבייטסט דו, ברודער?" ער שווייגט, און פייסטען האָגלען אויף זיין קלוגען קאָפּ...

---

וואָס איז געשעהען?

צו איז ווירקליך געגוג געווען, אַז פאָהרענדיג פון ווילנא נאָך פּאַריז, זאָל זיך איין אַלטער אסטמאַטישער גענעראַל אָבשטעלען אויף אַ ווײַלע ביי דער נעווא און, ווי איין עם־הארץ אַ פּזמון, ארויסזאָגען אָהן שום כונה דאָס וואָרט: „צוטרויען", עס זאָל זיך אַלץ שטעלען קאַפּויער?

רוסלאַנד פאַרבעסערן, ריכטיג ווי דער בעטלער וויל ניט, די וואונד, פון וועלכע ער האָט חיונה, דער ועקענדיג דורך איהר רחמנות אויף זיך, זאָל זיך איהם אויסהיילען. די ציוניסטען, ו.אָס ווילען ארץ ישראל קויפען, קענען איבערהויפט ניט פערשטיין, ווי אזוי ווערט מען אידען אומזיסט געבען מענשענרעכט. אומזיסט הייסט ביי זיי אָהן געלד. וועגען זיי רעדען מיר ניט. מיר זעהן אין זיי אַן אמת'ן טיפּ פון דעם גלות־איד, וואָס קען נור איין פראַגע: „ווי טייער“? צום גליק איז איצט אַ גרויסע טהייל אידען גאר אנ'אנדער אַרט. דאָס זענען אידען, וואָס פאָרדיענען ניט מיט'ן קאָפּף נור מיט די צעהן פינגער; זיי זענען אַ פּראָדוקט פון די נייצייטיגע בעדינגונגען. ביי זיי אין האַרצען איז טיעף אויסגעקריצט: „אונז קומט“! זיי בעטען ביי קיינעם קיין טובות ניט, זיי האַנדלען ניט. זיי פאָדערן וואָס זיי קומט. און דיזע אידען ווייסען, אַז פריהער צו שפּעטער מוזען זיי בעקומען גלייכע רעכט. די אויסנאַהמסגעזעטצען גענען די אידען און אים אלגעמיין אויסנאַהמסגעזעטצען זענען אַ שטיין אויף דעם וועג פון פאָרטשריט און ענטוויקלונג. זאָלען די ציוניסטען ברענגען רומעניען מיר וועלען ברענגען גאַנץ אייראָפּא און אמעריקא און ציינען, אַז איבעראַל, וואו עס הערשט אַ וואָסער עס איז דעמאָקראַטיע האָבען די אידען גלייכע בירגערעכט. ניט צוליעב יושר, ניט ווייל די אייראָפּעאישע בורזשואַזיע האָט אַ גוט האַרץ, נור ווייל עס איז אַ נויטווענדיגקייט, ווייל אָהן דעם וואָלט די בורזשואַזיע אויך ניט געקענט עקזיסטירען. און לאָמיר טאַקע זעהען ווי רומעניע זעהט אויס און ווי זעהט אויס גאַנץ אייראָפּא און אמעריקא...

דאָס—און ניט קיין טשארטער. דאָס—און ניט קיין הבטחות פון אַ געוויסען מושל זענען פאר אונז אַ גוואַראַנץ, אַז מיר וועלען האָבען אין רוסלאַנד גלייכע רעכט. ווען? קיין קאָנטראַקט האָבען מיר מיט קיינעם ניט געשריעבען. נור איין זאך ווייסען מיר, אַז גלייך מיט אלעמען. סיי ען קיינער ו'עט ניט בעקומען. אויב אלע וועלען בעקומען איין פייג, וועלען מיר בעקומען צעהן פייגען, אויב אלע וועלען בעקומען צוזאָגען וועלען מיר פיעללייכט דאָס אויך ניט בעקומען, אָבער האָבען רעכט וועלען מיר אַלע גלייך.

וואָס האָבען מיר צו טהון?

ערשטענס, טהון דאָס וואָס אלע טהון. ניט האַנדלען, ניט געהען דורך אונטערטהירען, ניט בויגען זיך אין דרייען פאַר דעם ערשטען בעסטען עבד לעבד. ווי מיר וועלען זיך האַלטען, אזוי ווערט מען אונז האַלטען.

פאָדערן—און ניט שטאַמלען; רעכט—און ניט קיין פריווילעגיען. מיר טאָרען ניט פערגעסען, אַז עס איז שוין ניט מיטעלאלטער, ווען מיר האָבען געקויפט ביי די מלכים רעכט און ניט אומגעקוקט זיך אויף קיינעם. זאָגאר דאַן האָבען די רעכט אָפט מאָל ניט געהאַט קיין ווערט. היינט נאָך וויינינער...

צווייטענס, מיר מוזען צורייסען אַלע אַלטע שטר חובות וואָס מיר האָבען כלומר'שט אויף פערשיעדענע לענדער, בערג און וויסטענישען אין אַזיען. מיר מוזען זאָגען אָפען, אַז נור דאָ האָבען מיר רעכט, אַז נור דאָ איז אונזער פאַטערלאַנד. מיר וויסען, אַז דער גאַנצער פּאָליטישער ציוניזמוס איז אַ חלום, אַ ווילדע פאַנטאַזיע, נור טאַקע דעריבער איז דער ציוניזמוס איצט פאַר די אידען אין רוסלאַנד געפעהרליך. שרייבען און רעדען, אַז מיר מוזען פריהער צו שפּעטער ארויסעמיגרירען קיין ארץ ישראל, אין „אונזער פאַטערלאַנד“ און גלייכצייטיג פאָדערן גלייכע רעכט מיט די, וואָס האָבען נור איין פאַטערלאַנד, איז אונמעגליך. אַהער אָדער אַהין — ווערט מען אונז מיט רעכט זאָגען.

און ווייל דאָס רוב פונים אידישע פאָלק האָט פון דעם ציוניזמוס קיינמאָל ניט געוואָלט הערען, און ווייל זאָגאר ביי די פרומע אידען האָט ארץ ישראל נור אַ רעליגיעזע און ניט קיין פּאָליטישע בעדייטונג ווערט עס איהם זיין גאָר לייכט.

איצט איז די צייט, מיר זאָלען זאָגען: קיין אַנדער היים קענען מיר ניט.

מ. רובינשטיין

קראַקוי 13=טען פעברואַר.

וועלען זיין גלייכע בירגער מיט אַלעמען אין דעם לאַנד, ווי מיר וואָהנען, קענען מיר זיך אַסימילירען, פערשלונגען ווערען אין די אומות העולם. און אויסער דעם ווער ווערט דאַן ברויכען ארץ־ישראל, אַז אונז ווערט דאָ זיין גוט ווי די וועלט און מיר וועלען דאָ האָבען ארץ ישראל? („פריינד“ N 11 „ציוניזם און בירגערעכטע“).

---

צו האָט ער, נישט ווילענדיג, אָבגעשפּראָכען איין עין־הרע, פעריאָגט אַ שווערע כשוף, אָבגערוקט איין אלפּ פון שווערען האַרץ? און דער גרויסער עולם איז אַרויס פון דער היהנער פלעט?

אַלץ קאַפויער: בלינדע זעהען, לאָמע לויפען, טויבע שרייען...

און אין מיט'ן ווינטער אונטערן גרעבסטען אייז רודערט זיך, וועקט זיך: אַקסעל צו אַקסעל, ברודער! הייבט אייך, צו וויענט אייך, צושמעטערט! דער הימעל רופט!

---

דערווייל איז נישט היימליך, איבערהויפּט אבענר־צייט...

די לערע אָבגעשטאָרבענע נאַס קוקט דיר אין פענסטער אַריין מיט בלינד־אונטערגעשלאָגענע אויגען, מיט איין איינאיינציגען לאַמטערן, אַ שריד ופליט פון אַלע חברים... און דאָס אָרימע פלעמיל דערינען ציטערט, פלאַטערט, וואַרפט זיך ווי'ן אַ פיעבער; פיקט, ביקט, ניקט און טיקט זיך אָט פערשלינגט עס די חיה רעה — די נאַכט; און עס שרעקט זיך פאַר'ן טויט. און אין מיטע'ן דער גסיסה גיט זיך עס מיט'ן ליצטען כח אַ וואָרף, ווי אַ שלייען פון אונטערן מעסער, און אַ הייב, אַ טאַנץ — ווי לאַנג וועט דויערן די גסיכה?

ערגיץ ווייט, ווייט פּלאַצט אַ שויב פון אַ וויסטאַיוע, — אפשר אַ שאָס? אַ „צופעלינגער“... אין עק הימעל שפּריצט ארויס אַ פייערדינגע צונג און פערשווינד און זינקט איין... און ווייטע פערשטיקטע קולות הערען זיך —

נור מְסס!

עס הערען זיך פעסטע, זיכערע טריט איבער דער גאַס..

די שטאַטס־לאָניק אויפ'ן דרך הישר געהט, מיט „אותות ומופתים“ אין דער האַנד... אותיות ומופתים זיכערע, שניידענדיגע, פייערדיגע...

וואָס נאָך?

עס צושפּריצען זיך די געדאַנקען אין מח, ווי די פונקען, ווי די פייגעל אונטערן פרייעם הימעל...

עמיץ קלאָפּט אין טהיר?

דאָס לעבען? אָדער נור דער „אורח חיים“?

ביידע נישט.

חברים...

אָבער וואָס פאַר אַ פּנים'ער דאָס האָט!

— חווק, — פרעג איך דעם עלטערן, — וויפיעל קוואָרט עסיג האָסט דו היינט אויסגעטרונקען?

חווק, אין שוואַרצען העמדיל מיט'ן גרויסען ביינערנעם קנאָפּ, מיט די וואַסערינע אויגען אין פאַרמיטען פּנים, זעצט זיך, פיהרט מיט אַ ציטערינע האַנד איבער'ן שוואַך־און אַש־גראַה בעוואַקסענעם קאָפּ, און זיפצט אָב:

— א וויסטער, פינסטערער חלום!

— וואָס איז?

— איך בין, ענפערט ער, קיין גבור נישט, פערפאַלען...

„פערהאַן גרויסע שטאַרקע מענשען מיט אייזערנע הענד און שטאָהלערנע נענעל, וואָס געהען צו צו פעלזען ביי'ם ים, רייסען פונ'עם שטיקער און וואַרפען אין הימעל אַריין, און ווילען זיך אַזויערנאָך אַראָפּוואַרפען דאָס טעלעריל פון הימעל“...

„פערהאַן קלענערע גבורים, שפּיעלען זיי מיט אייזערנע רעשליך, ווי אין באַל“...

„פערהאַן נאָך קינצענמאַכער, וואָס שרעקען אומזיסט דאָס „געעהרטע פּובליקום“ און וואַרפען מיט פּאַפּיערענע קוילען, דעקעל־קוילען, נור אונטער דער סצענע שלאָגט עמיץ אין אַ בלעך אַריין, מיינט מען: דאָס דונערן די קוילען“...

## בלאָנזשע.

טויזענד שטעגען, טויזענד וועגען —
נאָר דו זאָלסט ביי קיינעם פֿרעגען;
געה אהין און געה צוריק —
אָח, אין בלאָנזשען איז דאָס גליק!

בלאָנזשען זאָלסטו דיינע יאָהרען...
דאָ אַ בלום און דאָ אַ דאָרען...
געה אליין און קיינעם פֿרעג —
זעה, ווי ס׳ווינקט דער נייער וועג! ...

א. רייזען.



# די משוגענע איז דארף.

ערצעהלונג.

(ענדע).

אַזוי איז אַוועק אַ לאנגע צייט און מיר לעבען זיך גאַנץ פֿריינדליך. מאַכט זיך אבער אנ׳אימגליק; דעם פֿאר פסח ווערט די עלטערע שוועסטער, דאס ווייבעל, קראנק, און עס נעהט נישט אַוועק קיין צעהן טעג, פינקט דעם אַנדערן טאג יום טוב, שטאַרבט זי, אַ ווייבעל א גאלד, און אזוי היימיש א שוועסטער, זאג איך אייך! האט עס מיך — ווי איך בין א יוד — ביי׳ן הארץ געשניטען, און איך פֿלעג נישט קענען דערנאך אריין קומען אין שטוב, בפֿי׳ט איהר, דברה׳לען, האב איך נישט געקענט אין די אויגען אריין קוקען. פֿיהר—אזוי היימליך, אזוי פֿרעהליך, פלוצלינג — אזא אומגליק! יעדעס ווינקעל אין שטוב קלאגט, די מוטער, צווישען צוויי ווערטער גיעסען זיך די טרערען, און דברה׳לע דרעהט זיך אזוי ארום ווי א שאָטען, דאס פּנים איז בלאס ווי די וואַנד, און ט־ויעריג, דעם קאפּ אראב. אפילו די ווענט זעהען אויס אומעטיג און עס טרייבט מיך פֿון שטוב ארויס; יהר בעהאַלטענער צער...

נאר איינמאָל, דעם זומער, פֿאר שבועות איזעס געוועזן, פֿאָהר איך מיט אביסעל הסידים צום רבי׳ן קי׳ן קאליביעל. דא אין א נאהענט שטעטעל... וויל איך מיך דא שטעלען געבען דעם פֿערד א טרונק, לאזען זיי נישט, די חסידים, און מאכען א יעלה, איך זאל פֿאהרען געשווינדער: נאר ווער הערט זיי? מיין פֿערד, קלער איך מיר, איז קיין חסיד נישט און איילט זיך נישט צום רבי׳ס שלום. פֿונדעסטוועגען, איבעריג צייט פֿערברענגען וויל איך אליין נישט; פֿאהר איך נישט צו צום הויז, נאר בלייב שטעהען אויפֿ׳ן שאָסיי, פֿאר׳ן בריקעל, אין בינד אב דעם קיבעל און געה צו דעם ברונעם, דא הינטער׳ן הויז... איך טהו א קוק; דברה׳לע זיצט אויף דעם גראז, בלאס ווי א טויטע און דעם קאפּ אראבגעלאזט, ווי פֿערטראכט. פלוצלינג, זי האט דערהערט די טריט מוז זיין, דערזעהט זי מיך, און די פֿארבען קומען איהר אין פּנים אריין, ווי פֿערשעמט.

— וואס זיצט דו אזוי? פֿרעג איך.

— איך ווייס אליין נישט!.. — ענטפֿערט זי — איך זיץ גלאט אזוי, פֿערטראכט האב איך מיך.

און פֿערטראכט האט זי טאקי אויסגעזעהען, און איך ווייס אליין נישט,—מיר האט זיך עפּיס געוואלט וויסען דעמאלט, וואס זי טראכט נור פֿרעגען איז נישט מיין טבע. נעם איך אָנשעפּין א קיבעל וואסער, און צום אוועק געהען פֿרעגט זי מיך, ווען מיר קומט אויס צוריק צו פֿאהרען. איך האב איהר געזאגט און בין אוועק צום וועגעלע.

אַז איך האָב אָבגעשטעלט די חסידים אין רבינ׳ס הייפֿעל אַריי דאַכט זיך, קען איך שוין צוריק פֿאָהרען? וואָרען ווער דאַרף מיך דאָרטען, אָדער ווען דאַרף איך? אָפּשר טאַנצען מיט די לייבסער דעקעם אין רעדעל, אָדער זיך רייסען איבער אַ לעפּיל אַרבעס־יויך? טאַקע, דער אמת, ווי קום איך?... נישט לאַנג געקלערט, דרעה איך אויס דאָס וועגעלע און מאַך פליטה. „נישט קשה, מיין פֿערד,—טראַכט איך מיר — וועסט קרינען ריינעם האָבער, לאָמיר זיך נור שטעלען פֿאָר

„פֿערהאַן נאַכטוואַנדלער, וואָס קריכען מיט בלויסע הענד אויף גלייכע מויערן״...

״איך בין עס נישט... נישט קיין גבור, נישט קיין סוראָנאט פֿון א גבור״...

„איך בין חוזק״...

„איך בין אַ מענש, קאַטאַרי״...

„אַ מענש, וואָס האָט אויך אַ הארץ און אַ לינג און לעבער״...

„נור אז דאָס הארץ טהוט מיר וועה, דאָב איך קיין נביא׳ישע טבע נישט, אַרויסצולויפֿען מיט אַ קול אין מאַרק אריין: אַ רוח אין אייער טאַטינס־טאַטען־אַריין! און, אַז די לינג הייבט אָן פֿוילען און די גאַל גיעסט זיך איבער, האָב איך קיין טבע נישט, ארויף צו שפּרינגען אויפֿ׳ן טהורם פֿון פֿייער־וועהר און אַראָפּ שרייען: ס׳ברענט!... עס ברענט נישט אין ערגיץ, נור ביי מיר״...

„דעמאָלט האָב איך דוקא ליעב התבודדות״...

„ליעג איך מיר, ווי אַ בער אויף דער בערלאָגע, און בייס מיר פֿאַר הארץ־הונגער די לאַפּעס; גאַנצע בערג אָפּגעביסען״...

„ערשט אַז עס ווערט מיר גרינגער, געה איך אַרויס״.

„נאָך וואָס? פֿייפֿען אויף קהל״...

„פֿיהרען, ווי ישיבה־בחורים־גבורים מיט שטענדער פֿאַר כלי־זיין אין די הענד קענען אָרון־קידש, קען איך נישט... גיט מיר אַ חברה חדר־יונגליך, מיט געמאַכטע פּעקאליך, וועל איך מיט זיי געהען צום ראש־הקהל אויף א קאַץ־מוזיק... דאָס קען איך״...

„איך געהער נישט צו דעם, וואָס איהר רופֿט „לעבען״ און דאָס „לעבען״ געהער נישט צו מיר. איך שפּיי אויפֿ׳ן „לעבען״, און אויך נור פֿון דערווייטענס״...

„צווישען מיר און דעם „לעבען״ פֿ ל י ע ס ט און אפשר שטעהט אַ וואַסער׳ל״...

„איבער׳ן וואַסער׳ל שפּיי איך, איבער׳ן וואַסער׳ל שטעל איך פֿייגען אַרויס, פֿיער מיט אַ מאָל, דאָס קען איך! אַ מאָל — אַ ווייסע צונג, איהר ווייסט, איך לייד אויפֿ׳ן מאָגען...

אַז מען זעהט מיך און הערט מיך נישט גוט, שטעל איך מיך אויף שטאָלצען און פֿייף... עס איז נישט אזוי נ אַ ט י ר ל י ך, נור עס טראָגט זיך ווייט, ווייט... עס הערט זיך!״

„און דער עולם שרייט! בראוואָ! בים!״

„נישט דער געטראָפּענער—אַנדערע... דער געטראָפּענער שילט״...

„חאָטש ניט איך בין שולדיג; איך שפּיי אין דער וועלט אַריין שולדיג איז דער ווינד, די השגחה פּרטית... ער אָבער שילט מיך און דער עולם קייכט, פּלאַצט פֿאר געלעכטער״...

„אַ מאָל פּלאַצט א גבאי״...

„ער האָט פֿון צדקה־פּושקע ארויסגעשניפּט א גאָלדענע מטבע; ער האָט געזעהען, ווי א באַנקיער האָט אריינגעוואָרפֿען, נישט בעמערקט, אז עס איז אַ פֿ אַ ל ש ע מטבע... האָט ער גע׳לקח׳נט... האָט ער מורא געהאַט פֿאר בעזוכען און געפֿינען, האָט ער די מטבע אויף דערווייל איינגעשלונגען... קום איך ארויס אויף שטאָלצען, מיט אַ יראת־שמים־פּנים און איין אַרויס־געשטעקטע צונג, און פֿיער פֿייגען אין די הענד, — לאַכט ער, קנאַקט ער, פלאַצט ער; איין העלפֿט־רעכטס, די צווייטע — לינקס, די מטבע — אין דער מיט... דערזעהט דער עולם, זי איז פֿאלש, פלאַצט דער ע ו ל ם פֿאר געלעכטער״...

— נו, אויך מיין עסק! וויל׳מיר איהם טרייסטען.

— באַ — ויפּצט חוזק אָב — דאָס אַלץ איז גוט געווע׳ן איבער׳ן

דבֿרה׳לעס טהיר !״ אַזוי איז טאַקי געווען, אַ גאַנצען וועג נישט נעפּאַשעט, ערשט שפּעט ביי נאַכט, ווען איך בין אַהער צו געפֿאָהרען, שפּאַן איך אויס דאָס פֿערד און דרעה עס אויס אין די האָלאָבלים, מיט׳ן קאָפּ צום וועגעלע, און איך רוק אונטער דאס זעקעל האָבער.

די לאָדענס זענען שוין געווען פֿערהאַמערט, נור אינעווייניג לייכט זיך נאָך... און דורך די אויסגעשניטענע האַלבע לבֿנה זעה איך, ווי דבֿרה׳לע דרעהט זיך אַרום איינע אַליין. מיך האָט אַפֿילו געגליסט אַריין צו געהען, ווייל אַ גלעזעל טהיי האָט מיר זעהר געשמעקט, בפֿרט ביי נאַכט, און אַ גאַנצען וועג, פֿערשטעהט איהר מיך, קיין לעפֿיל וואַרעם וואַסער אין מויל נישט געהאַט. און דאָ, ווייס איך, מיט׳ן קוק קאָכט זי מיר אויף טהעע אין אַ קופּער׳ן פֿענדעל. פֿון דעסטוועגען, בין איך מיך מישב, און וואַרף מיך אַריין אין וועגעלע צווישען שטרוי, און ליעג. שלאָפֿען האָב איך נישט געקענט, האַלט איך גלאַט די אויגען פֿערמאַכט און הער מיך איין, ווי דאָס פֿערד חראַפּעט מיר צוקאָפּענס...

פּלוצלינג דערפֿיהל איך, ווי אַ געדיכטע פֿינסטערניש, ווי אַ שאָטען האָט זיך מיר אָנגערוקט פֿאַר׳ן פּנים; איך טהו אַ מאַך־אויף די אויגען: — דבֿרה׳לע איז עס!.. זי שטעהט ביי׳ן וועגעלע איינגעהיללט אין אַ טיכעל אויף דעם קאָפּ און קוקט אויף מיר... אַ ציטער האָט זי געטהון ווען איך האָב די אויגען געעפֿענט, און זי פֿרעגט, ווי צומישט: — „שלאָפֿסט שוין יאָסעל?״ איך האָב אַרויסגעהויבען דעם קאָפּ פֿאַר אַ סימן... און זי זאָגט ווידער: — מ׳קען דיך נאָך אַוועק גנבֿה׳נען!... — און דערביי שמייכעלט איהר בלאַס פּנים.

— נישט אַזוי גיך! אַ צו שווער פּעקיל... — ענטפֿער איך.

— עס שלעפֿערט דיך טאַקי? — פֿרעגט זי שטיל.

— ניין! —

— ליעג נישט, קום אַראָב. — בעט זי זיך.

עס האָט מיך אַ דורך געגומען איהר בלאַס פּנים און אונטערטהעניגע רייד און איך האָב איהר צוליעב געטהון.

אַ ציגד זענען מיר שוין געשטאַנען איינער קעגען אַנדערען. שטיל שווייגענדיג. די שטילקייט, האָב איך געפֿיהלט, האַלט מיך ווי אין אַ פּרעס. ווי איך האָב נישט קיין רשות אַ ריהר צו טהון מיט אַן אבר:

און פֿאַר וואָס? פֿרעג איך מיך אַליין אין זיך; און בשעת מעשה פֿאַלט מיר איין אַ שכל איבער צו שלאָגען די שטילקייט, און טהו אַ פֿרעג: —

— הערסט, ווי דאָס פֿערד חראָפּיט?...

— איך הער. — זאָגט זי און לענט נאָך צו: וואָס זאָלען מיר שטעהן דאָ? קום אַ ביסעל ווייטער!

מיר געהען צו צום שאָסיי, און ביי דער זייט גראָבען, אויפ׳ן גראָז זעצען מיר זיך.

זיצענדיג, קוקט זי אין הימעל אַריין, גלייך זי האָט נישט מעהר אין זינען, ווי די שטילע שטערען, וואָס פֿינקלען איבער אונזערע קעפּ. איך, ווידער, פֿערקוק מיך גלאַט אין דער וועלט אַריין, און האָטש איך האָב מעהר אין זינען אונז ביידע, ווי אַלץ אַרום, פֿון דעסטוועגען מאַך איך מיך, ווי געפּייגער׳ט, און קוק גאָר אויף דעם איינגעבוינענעם ווירבע בוים מיט די רוישענדיגע בלעטליך, וואָס שטעהט ביי דער אַנדערער זייט שאָסיי... אַלץ איז שטיל, און דבֿרה׳לע, אָהן אָטהעם, דאַכט זיך, קוקט פֿערטראַכט אויף די שטילע שטערען.

— וואָס זעהסט די דאָרט? — האַלט איך נישט אויס.

— וואָס זאָל איך זעהען?

— ציילסט די שטערען?...

— איך זוך אַ שטערען, מיין שטערען — ענטפֿערט זי.

— ני, זעהסט איהם?

— ער איז דען אַזוי ליכטיג?... — פֿרעגט זי און טהוט אַ קוק אויף מיר, און בשעת מעשה שפּאַרט זי אָן דען עלענבויגען אויף איהר שויס, און דעם קאָפּ אויף דער שטעהענדיגער האַנד, איך זאָל איהר נישט קוקען אין פּנים אַריין.

— וואָס איז, דבֿרה׳לע? נעם איך זי אָן ביי דער האַנד.

— גאָר נישט! — ענטפֿערט זי אָבגעהאַקט.

זי בענגט, אַ פּנים, נאָך די שוועסטער, טראַכט איך מיר:

— נאָך אַזאַ שוועסטער, — זאָג איך — איז טאַקי דאָ וואָס צו בענגען, נור איז זי דאָך שוין געשטאָרבען...

— עה, נישט דאָס! — זיפֿצט זי אָב.

— וואָס דען?

— וואָס איך לעב... — ציטערט איהר קול, ווי צום וויינען.

---

רוהיגען, שטיל־פּליסענדיגען אָדער גרינליך — שטעהענדיגען וואַסער׳ל. מען האָט מיך געזעהען, געהערט, און: בראַוואָ, בים!״

„ציגד — אַ ים!״

„שטעל דיך אויף שטאָלצען, פּאַליעס דעקען דיך איבער!״

„פּייף — ווען אַ ים קאָכט און זיעדט״...

״שפּיי — ווען ער שפּייט, און גלייך אַרויף צום הימעל; טהוט עפּיס, ווען די וואַסער־ריעזען צו שפּיעלען זיך, צו זינגען זיך, און שפּאַרען אין דער וועלט אַריין, טראָגענדיג מיהל־רעדער און שטיקער נרעבלע אויף די אַקסעל״...

„טהו עפּיס!״...

---

הוזק פֿערשטומט, און נישט בעסער, ווייזט זיך אויס איז דעם פּאָעט...

— גם אני בחלומי, זאָגט ער...

„אַ פּוילע זאַך״...

„וואָרען וואָס בין איך? אַ מענש מיט אַ פּייפּער׳ל״...

״מיט אַ פֿערכשופּ׳ט פּייפּעריל...״

פֿון אַ פֿערכשופּטער קאַלינע אַ פּייפּעריל... פֿון עק וועלדיל, געבוינען איבער׳ן וואַסער שטעהט זי, און זאַפּט אין זיך איין דאָס גערויש פֿון קליינעם שטילען וואַסער׳ל, פֿון קליינעם פֿערחלומ׳טען וועלדיל, פֿון מחנות פֿייגעל, וואָס פֿליהען אונטערן בלאָהען הימעל, שלינגען ווערמליך און זאָגען שירה, און די ווייסע בייכליך ציטערן פֿאַר נחת, פֿאַר דאַנק... פֿון דער קאַלינע אַ פּייפּעריל״...

און אַ מיידעל האָב איך געהאַט מיט אַ פֿייגעל־האַרץ...

זיצען מיר אין שאָטען פֿון דער קאַלינע, אין עק וואַלד, ביים קלאָרען טייכעל; איך שפּיעל און איהר פֿויגעל האַרץ צו געהט...

שפּאַרט זיך אָן דאָס זיסע קעפּיל אויף מיין קניע, קוקט זי צו מיר אַרויף מיט שטיל־זיסע־ברידער־אויגען, וואָס פֿינקלען מיט שטילען נחת, ווי אַ פֿויגעל, וואָס האָט אַ ווערמיל געחאַפּט, און איך זאַפּ איין דאָס נחת און שפּיעל פֿאַר גרויס פֿרייד, פֿאַר דאַנק, וואָס גאָט האָט מיר די פֿינקעלדיגע אייגעליך מיט׳ן זינגענדיגען פֿייגעל־האַרץ בעשערט. עס איז מיין...

עס ציטערט איהר ברוסט פֿאַר נחת, טרערען קומען מיר אין די אויגען אַריין פֿאַר גרויס דאַנק און איך שפּיעל אויפ׳ן פּייפּעריל...

און עס מאַכט אַ רושם, שטאַרק! — אויף איהר... זי שטרעקט צו מיר הונגעריג אויס די ווייסע הענד... דורשטיג שווילען מיר אַ קעגען די קרעלענע ליפּלעך!

און נישט נור אויף איהר...

אַ ווייסע גאַנז שווימט איבער׳ן טייכעל און שטעלט זיך אָב, מיט אַ דין גרעזיל אין מויל... און זי שלינגט עס נישט איין, פֿערגעסט עס און בויגט אויס צו מיר דעם ווייסען האַלז און קוקט, און שווייגט...

אַ יאַלאָווקע קומט אַרויס פֿון שטילען וועלדעל, מיט׳ן עכט פֿרומקעלבערנע אויגען, מיט אַ חן׳עוודיג, צערטליך־רינענדיג מיילעכיל און בלייבט שטעהען ווי דערכשופּט, און זענעלט שטיל מיט׳ן זיידען־האָהריגען עק אין דער שטיל־שמעקענדיגער לופֿט...

און פֿייגעל מיט ווייסע און געלע בייכליך שטעלען זיך אָב אונטער׳ן הימעל און צוויצערן:

— ווער איז דער פֿייגעל דאָרט?!

„איך געפֿעל״...

„איך געפֿעל און ווער גרויס; עס איז צייט צו געהען אין דער וועלט אַריין, שפּיעלען פֿאַר דער וועלט... פֿערכשופֿען אַ וועלט, דאָס לעבען בעצויבערן, ווי דען!״

— איך בין שטיל געבליבען, די האַנד איז מיר עפּיס, ווי אַליין אַ וועק געפֿאַלען, אַראָב געגליטשט פֿון איהרע, און טיעף אין האַרץ האָט עפּיס געציפּט אַ מין רחמנות...

— די שווייגסט, — זאָגט זי — שווייגסט! ביסט, הייסט עס מודה...

— איך שווייג, — ענטפֿער איך, ווי דער אמת — ווייל איך ווייס נישט וואָס צו זאָגען.

— דו שווייגסט, — חזרט זי איבער — ווייל ס'איז גלייכער צו שווייגען...

— גלייב מיר, אַז נישט! איך ווייס טאַקי נישט, גלויב מיר.— פֿערענטפֿער איך מיך.

— גלויב מיר; איך וויל דיר גלויבען, ווי אַ קראַנקער וויל גע־זונד זיין, אָבער וואָס טויג בלויז גלויבען?...

— אָבער זאָג!.. לאָמיך וויסען! וואָס, זאָגסט דו, ווייס איך?— ווער איך שוין בייז פֿון איהרע געטאָקטע רייד. וואָס קענען אַ האַרץ אויסציהען. וואָרען טאַקי דער אמת, מי יודע וואָס פֿאַר אַנ'אָנטשעפּיניש! איך ווייס, זאָגט זי, וואָס זי איז טרויעריג. געהערט רייד פֿון אַ מיידעל!

— ווייסט דו נישט, — זאָגט זי — און ווילסט דו וויסען? זאָג איך דיר! אַלץ איינס, צו פֿערברענט אין פֿייער צו דערטרונקען אין וואַסער... הער'זשע צוויי ווערטער; ווילסט מיך ראַטעווען? נעמ'זשע מיך אַ וועק פֿון דאַנען...

— פֿאַר וואָס, און וואָהין? — פֿרעג איך דערשראָקען פֿאַר אַ שלעכטע מחשבה... און מיר האָט אַ קלאַפּ געטהון אין האַרץ.

— וואו די ווילסט. אַפֿילו אין די ווייסעל אַריין, אַבי אַרויס פֿון מיין מאַמעס שטוב. — פֿאַלט זי מיר אויפֿ'ן האַרץ מיט אַ געוויין.

— אין די ווייסעל אַריין פֿיהרט מען נישט, ביסט אַ נאַריש מיידעל! — זאָג איך—נור קענסט דו נישט זאָגען, וואָס איז דאָ פֿאַר נייעס געוואָרען? — פֿרעג איך; נור זי הערט נישט, אָדער וויל נישט הערען, און זי טוליעט צו דעם קאָפּ צו מיין האַרץ, ווי אַ חדר־יונגעל טוליעט זיך ביי נאַכט צו רער מאַמען און שרעקט זיך פֿאַר אַ מעשה מיט גזלנים...

— וואָס איז געשעהן? פֿרעג איך נאָך אַמאָל, און דאָס האַרץ ציגעהט מיר פֿאַר רחמנות.

— דערווייל גאָר נישט, עס דאַרף ערשט געשעהן... שיט זי אויס, און טהוט אַ ציטער מיט'ן גאַנצען גוף. — עס דאַרף ערשט געשעהן; מ'וויל מיך אַרונטער שטעלען מיט'ן שוואָגער אינטער איין חופה...

ווי מיט אַ שטיק גלאָז מ'וואָלט מיר אַ ריטץ געטהון אין מח! די לעבער פּלאַצט מיר אַז'ש... נור איך האַלט מיך איין...

— וואָס'זשע קלערסט דו, וואָס פֿאַר אַנ'עצה?

— אָה, ניין! — כאַפּט זי אַוועק דעם קאָפּ פֿון מיין האַרץ, ווי איך וואָלט איהר אַ ביס געטהון, און זי קוקט מיר שאַרף אין די אויגען אַריין — אַז די האַלסט ערשט ביי פֿרעגען, וואָס איך קלער צו טהון, איז אַ סוף... קעהר איך צום מלאך־המות!

— קעהרסט נישט! קעהרסט נישט!.. — חאַפּ איך זי אַרום און הייב זי אָן צו קישען — גלויב מיר, דברה'לע, אַז נישט... מיין קאָפּ גיב איך אַ וועק פֿאַר דיר! — פֿאַל איך איהר ארויף אויפֿ'ן אַקסעל און וויין מיט . . . . . . . . . . . . . . . .

איך העשע, זי העשעט... זי גלעט מיך— שאַ... איך זי — שאַ... נור מ'קען זיך נישט איינהאַלטען!

שטאַרק איך מיך:

— פֿאָרט אזוי, וואָס טהוט מען?

— זאָג דו, וואָס זאָל איך טהון? — העשיט זי.

— זאָג דו. — בעט איך זי נאָך אמאָל.

— וואָס די ווילסט טהו מיט מיר!

— שטעה'זשע נור! — זאָג איך — ס'איז שוין אָבגעשטעלט א זמן חתונה?...

— יאָ, אָבגעשמיעסט אויף שבת נאָך שבועות, נור איך האָב אָנגעהויבען צו וויינען, אז... אז איך וויל נישט אזוי פֿריה... האָט מען אָבגעלעגט אויף שבת נחמו.

— שא, זשע... — זאָג איך — איז שוין באלד, נישט אזוי שלעכט. קען מען נאָך עפּיס אויפֿטוהן! איך וועל דיך נעהמען,

און אַז מיין מיידעל דרימעלט איין, קיש איך זי שטיל צום „אַריע" אין ווייסען שמאָלען שטערן אריין — און לעג לאנגזאם איהר קאָפּ פֿון מיין קניע אויף אַ בינטעל גראָז אראָב, — זי זיפֿצט אָב אין דרימעל, עס ריהרט מיך נישט. העכערע צוועקען פֿיהרען מיך... איך פֿערשווינד, צו דער וועלט לויף איך מיט מיין פֿייפֿעריל, מיט מיין פֿערכשופֿט פֿייפֿעריל, פֿון דער פֿערכשופֿטער קאלינע, פֿון עק וואלד, ביי'ם שטילען טייכעל"...

— נו, שפּיעל פֿאַר דער וועלט?

— שפּיעל! די וועלט שפּיעלט, און נישט אויף אַ פֿייפֿעריל!

„דאָס לעבען אליין גיט קאָנצערט!"

„נישט אויף פֿייפֿערליך, נישט אויף פֿלייטען, נישט אויף הילצערנע און געבלאָזענע אינסטרומענטען"...

„אַרמאַטען שפּיעלען, קאַרטעטשען זינגען, טענער — שאַר־פֿאַנעלען!"

„די לעבענס־אָפּערע געהט, אַ וועלט־פּאָעמא!"

„ווי קום איך מיט מיין פֿייפֿערל"...

ער האַקט אָב און מאַכט אַוועק מיט דער דורכזיכטיגער האַנד...

— אַ רחמנות נור אויפֿ'ן מיידעל, נעביך...

---

— מיר איז נישט בעסער! זיפֿצט דער פֿילאָזאָף...

יאָהרען האָט ער אין דער הייך אין זיין דאַכשטיבעל פֿערבראַכט... ביי'ן אַ קאַרגע שטראַהלען דורך פֿערגרינטע שייבליך ביי טאָג, ביי'ן אַ ציטעריג חלב'ן ליכטיל ביינאַכט, איז ער אַ גאַנץ לעבען אָבגעזעסען, קלערענדיג און גריבעלדיג, וואָס „גלייך" איז...

און אַז ער איז שוין גראָה און אַלט געוואָרען, אַז די צייט האָט איהם אויסגעצויגען דעם מאַרך פֿון די ביינער און אויסגעזויגען די פֿאַנטאַזיע פֿון קאָפּ איז ער ערשט געפֿאַלען אויף דער המצאה, אַז „גלייך" איז דאָס, וואָס עס איז נישט קרום...

און ער האָט געוואָלט אויפֿשפּרונגען פֿאַר פֿרייד, נור די קניען האָבען אָנגעהויבען קנאַקען!

אַלץ איינס! אַבי נישט אומזיסט אזוי פֿיעל יאָהרען, אַזוי פֿיעל לעבען געוואָרגען און געשטיקט! ער האָט אַרויסגעפֿישט א פּערל פֿון תהו ובוהו־דיגען ים... און ער איז א גוטער, נישט פֿאַר זיך אַליין האָט ער זי געפֿינען, ער וועט זי שענקען דער וועלט... ווי קראַנק און עלענד ער איז, וועט ער בעשענקען אַ וועלט...

און ער געהט קוים אַראָפּ פֿון די טרעפּ, אָפּט קריכענדיג אויף אַלע פֿיער; די ביינער קנאַקען. נור, געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען, אָט איז די גאַס...

— רבותי, הייבט ער אָן — —

זיין קול אָבער ווערט דערשטיקט...

פֿאַליעס מענשען שלאָגען איבער דער גאַס, טויזענדער צונגען רופֿען:

— מיר ווילען! מיר ווילען!

„ווער פֿינט וואָס גלייך איז?"

מיר אַלע פֿערשווייגען... יעדער פֿון אונז פֿיעלט די לאַסט, זיי — פֿון שווערע געדאַנקען איך — פֿון די יאָהרען...

עמ'ץ קלאָפּט!

אַהאַ? דאָס לעבען?...

ניין... עס האָט זיך נור געדאַכט!

שווערע, נור זיכערע טריט אין גאַס, די שטאַטסלאַניק געהט, מיט אותות ומופתים געהט זי... פֿעסט, שטייף, אייזערן...

י. ל. פּרץ.



פערשטעהסט דו מיך, גאר אין א פרעמדע שטאט אריין, קיין קא־אל־ושין צו מיין מימען... און וועסט זעהען, גאט וועט העלפען.

— וואַרט ג׳ישט, יאסעל! — גלעט זי מיך און בעט שטיל — וואַ־אַרט נישט, דאס האַרץ שרעקט זיך מיר...

— שרעק דיך נישט, — גלעט איך זי איבער די ווייכע האר — וועסט זעהען...

— ניין, יאסעל, ניין!..

— וואס דען?

— נעם מיך שוין, האטש צו דיר א היים... — זאגט זי שטיל, ווי פערשעמט.

דא בלייב איך שוין שטעהען ווי צומישט... עפיס א קלייניגקייט! אין איינפאַל פון א מיידעל! נעם זי א היים! — למשל איך טהו שוין אזוי: — שפעט ביי נאכט קלאפ איך אן אין לאדען „מאַמע עפען!“ זי קייטעלט אויף די טהיר און איך מיט דברה׳לען גיב־מיר א קום־אַריין — ברוך־הבא!.. די מאַמע מיינע, נישט קיין נאַרישע יודענע, פערשטעהט אַנ׳עסק... טהוט ראשית א פרעג — „דברה׳לע וואס מאַכסט דו גוטס?“ און דערוויל טהיט זי א טאפ דעם דופק... דערוויל הייבט מיין שויעסטער אויף דעם קאפ, ליגענדיג אין בעט, און קוקט פערווינדערט, א מאל אויף מיר, א מאל אויף דברה׳לען, ווי איינער רעדט — געחאפט בעצייטענס!.. א געשעפט האט ער, אז די שוועסטער איז עלטער...

ג׳ר דאס, זאג איך, איז נאך גאר נישט, באבקים!.. דער עקר שבת! מ׳גיט מיר הגבה אין מיין חברה׳לע, און א גיטער־ברודער, א שטיינער, שטעהט מיר אינטער די פלייצעס, אראב גערוקט דאס דאַשיקעל איבער די אויגען, און ווינקט איבער מיין קאפ... און מאכט זיך א געלעכטער׳ל — „הע, יאסעלע, לאז דיך קאסטען צוויי מאל הי איף א מי־שברך!... האסט געפאקט א קליווע יולדה׳ווקע“...

אט אזוי וואלט עס צוגעגאַנגען, האב איך נאך פריהר בערעכענט, ווען איך ט׳ו ווי זי וויל!

— בין איך מיך מישב:

— הער, דברה׳לע, רעדסט ווי א קינד! דיין מאַמע וועט קומען נאך צו לויפען אין שטאדט אריין, און דער רב וועט באַלד שיקען דעם שמש...

— די שרעקסט זיך פאר׳ן רב?...—שאקעלט זי מיט׳ן קאפ—שרעקסט זיך? און איך?.. גלויב מיר, יאסעל, אז קיין שרעק און קיין טויט איז פאר מיר נישט דא, אויב דו ווילסט עס נור! נור אפשר... אפשר ווילסט דו, איך זאל מיך יא שרעקען!..

נישט קיין שלעכטע שטעכווערטליך, טראַכט איך מיר, און איך ענטפער באַלד אב!

— גלויב מיר, דברה׳לע, מיט׳ן גאַנצען האַרצען וויל איך דיך פאלגען, נור זעה, עס האַלט נישט אויס... איבער מענשען...

זי איז שטיל געבליעבען, ווייזט אויס פערשטאַנען, אז איך בין נישט אין גאַנצען אומגערעכט, און ביידע זיצען מיר פערטראַכט, דאס האַרץ, האב איך געפיהלט, פלאַצט מיר פאַר רחמנות, נור וואס טהוט מען? מען מוז שוין וואַרטען ביז נאך שבועות...

און מיר זיצען.

זי האַלט דען קאפ אויף מיין האַרץ און ביידע שווייגען מיר, מע׳רעדט נישט א וואָרט, נאר טהייל מאל טהוט זי א זיפץ און א ציטער מיט׳ן גאַנצען גוף, און אזוי ביז דער מאָרגען־שטערן איז אויפגעגאַנגען, ערשט דעמאָלט האבען מיר זיך אויפגעשטעלט, אנגעקישט, אנגעהאַלזט, איז זי אוועק צי דער שטיב און איך האב נאכגעקוקט נאך איהרע געשווינדע לייכטע טריט, ביז איך האב געהערט דאס ריגלען פון דער טיהר...

איך האב איינגעשפאַנט און שפרינג שוין אריין אין וועגעלע, אין דעם מאַכט זיך אויף די הויז־טיהר און דברה׳לע בעווייזט זיך נאך אמאל. זי שטעהט אויף דער שוועל, רעדט נישט א וואָרט—א צייכען, און מיר ווערט עפיס זעהר בענגליך, עס לאזט מיך נישט אוועק פאָהרען, ווייס איך אליין נישט וואס מע׳טהוט; יא מיט נעמען... נישט מיט נעמען, ס׳איז נישט קיין פלאן, נישט אזוי, נישט אזוי!.. און דערוויל שטעהט זי... הייב איך מיך אויף און געה צוריק אראב פון וועגעלע:

— דברה׳לע, — זאג איך און נעם זי ביי דער האַנד — זיי נישט טרויריג, דברה׳לע... וועסט זעהען, גאט וועט העלפען... האַלט זיך אויף ביז נאך שבועות...

זי האט נישט געענטפערט, בלאס ווי די וואַנד, אין מיט טרערען אין די אויגען קוקט זי מיך אן... איך האב מיך לייכט צוגעבויגען צו איהר פנים און א קיש געטהון, האט זי זיך ווי צי געקלעבט צו מיר מיט׳ן גאַנצען גוף, און ציטער־ענדיג געקישט אין געקישט...

איך האב מיך געזעגנט, פיין, שטיל, און בין אַ־ויף אויפ׳ן וועגעלע, נור זי איז נאך אַ׳לץ געשטאַנען און נאכגעקוקט מיר ווייט אויפ׳ן שאסיי... ווי איינער רעדט: „דאס לעצטע מאל!“..

און טאקי דאס ל׳עצטע מאל, וואָרען מען האט זי גענאַרט, די מ׳טער האט עקסטרע געזאגט — „שבת נחמו“... כדי איינצושטילען זי, דברה׳לען, זי זאל נישט וויינען... און באַלד שבת נאך שבועות, ס׳הי סט, דעם אייגענעם פרייטאג פאַרנאַכט, האט די מוטער צונויף געקלאפט א מנין מענשען, געחאפט פיער דרענגער מיט א פלאַכטע, און פארטיג שטאס!... פטור אַנ עסק...

---

דער הימעל האט שוין אנגעהויבען בלייך צו ווערען, די שטערענדליך — מאַט, אויסנעלאשען, ווי די בית המדרש־לאמפען חנוכה ביי נאַכט... און די לבנה איז שוין געשטאַנען האלב פערזונקען אין דער ערד, אין רויט ווי אין בלוט איינגעטונקען, דאט זי האַלב אפער גערקוקט פון אינטער׳ן עק הימעל, וואַרפענדיג נאך א לעצטען טרויעריגען בליק צום הויז, וואו מיר שטעהען.

איך האב א קוק געטהון אויף יאסלען, וועלכער האט אויסגעזעהען פערטראַכט, און איך זאג:

— וואס ו׳עלען מיר שטעהען דא?

— איהר זענט גערעכט. — ענטפערט ער, פערטראַכטערהייט ארויף שטעלענדיג א פוס אויף דעם פאדערשטען ראד — איהר זענט גערעכט... איך האב שוין גא־ נישט וואס צו טהון!...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

וויא!...

א. מ. וויסענבערג.



# דער אלטער און דאס קינד.

פון

אלעקסאנדער שווענטאכאווסקי.

---

— און נאך וואס ביסטו געבוירען געווארען?

— לעבען וויל איך.

— לעבען? אנדע־ש, מיין קינד, קלינגט דאס וואָרט פון ווינעל און אנדערש פון קבר. דו זאגסט עס א־ויס מיט א טאן פון האפנונג און איך — פון פערצווייפלונג. מיין טאן איז א געוועהנליכעס געזאַנג פון די, וועלכע נעה׳ן אַוועק פון דער וועלט.

— וויפיעל מענשען, אזוי פיעל נעטער, און יעדער זוהן אז גליקליכער ווי די גאַנצע עלטערן, פאטער.

— די ערפאהרונגען... ווען מיר וואלטען געליטען בלויז פאר די אייגענע שולדען און פעהלער אדער פאר די גערירש׳נטע זינד פון די עלטערן, גלויב מיר, אז דאס לעבען וואלט געווען א שפיעלעכעל. אבער דו מוזט טייל מאל תשובה טוהן דער־פאר, ווייל דו ביסט געבוירען געוואָרען, ווייל דיין ברוסט וויל אטהעמען מיט דיעזער און נישט יענער לופט, ווייל דיין הערץ קלאפט שטאַרקער אויף דיעזען

און נישט אנדער טאָן, ווייל... קינד, נישט וויסענדיג די בעדינגונגען פֿון מענשליכען עקסיסטענץ, צו דו ווייסט, דאָס די פֿאַרב פֿון דיין הויט, אָדער דיינע גנדרעהטע האָהר וועלען אַ מאָל זיין פאַר דיר אַ קוועלע פֿון פלאגען זיך!

— די צייט נעהט פֿאָרווערטס און מיט איהר אללעס, וואָס זי טראָגט אויף איהר שויס.

— זעה א טייך: אין דערמיט לויפֿט שטענדיג דער שטראָם, אָבער אויף די שטילע ברעגען מאַכען זיך וואַסער־ש־ויפֿען און אויף די גלאַטע זייטען — אונבעוועגליכע געוויסערן. אזוי שווימט אויך די ענטוויקלונג פֿון דער ציוויליזאַציע. פֿאַנטאַזיער נישט, דאָס דו וועסט לויפֿען מיט די פֿאַלע, וועלכע פֿליהט שנעל פֿאָרווערטס, דען דו קענסט פֿערזינקען ווערען אין אַ שטעהעדיג געמויזעכץ, וועלכעס אַ געוויסער קען נור פֿערגיסען און געוועהנליך קען קוים צייטענווייז אַ שטאַרקערער ווינט זיין איבערפֿלעכע אויפֿרידערן.

— מען קען די גנדרעהטע ברעגען אויסגלייכען און די וואַסער־שרויפֿען פֿערניכטען.

— מען קען? אַזאַ אונזינינגע נאַיוויקייט דאַרף מען ענטשולדיגען נור די מענשען, וועלכע זענען היינט געבוירען געוואָרען. זאָג, אז ווען דו וואָלסט אונטערזוכט די ערד, וואָלסטו געוואוסט. וואו ס'געפֿינען זיך די קוועלען פֿין וואולקאַנען אָדער זדרויען; זאָג אַז פֿין קיזעלשטיין, וואָלסטו געמאַכט שוואָמען און פֿון אַ קאָרק אַ בריטווע; זאָג אז פֿין שנעע וואָלסטו אויסגעקריצט געזימסען און פֿין מאַרמאָר־שטיין וואָלסטו אויס געבלאָזען באַלאָנען, אָבער זאָג נישט, אז שטענדיג און אומעדום וועסטו אָהן געפֿאַהר אַ שטעקען אָנרופֿען שטעקען.

— דו לייקענסט, אלטער, אָדער דו פֿערמיאוסט זיך דאָס לעבען, כדי זאָלסט עס קענען גרינגער פטור ווערען.

— אָ, אָרעם שעפסעלע, דו שפירסט נישט די צייבערייען פֿין דיין גלויבען, וועלכעס דו פֿערליסט ווי אַ ווייכען פוך. דורך דרינגענדיג זיך דורך דערנער. וועסטו צוקומען צום צוועק אַ נאַקעטער און אַ צעבראָכענער. דערביי וועט דיר נישט איין דאָרן דאָס אויג אויסשטעכען אָדער אין הערץ זיך אריין שלאָגען. איך בעדויער גאָר נישט. ווי באַלד דאָס מזל וועט דיך אַריין וואַרפֿען אין אַ טיעפֿען אָבגרינד און ווי באַלד פֿאַלענדיג וועסט זיך אָנשלאָגען אין זיינע האַרטע וועגד. וועסטו אָם ענדע בעגערען זאָלסט צוברעכען דעם קאָפּ אָן דער דעק. אזאָ אָבגרונד איז געוועהנליך דאָס לעבען.

— פֿאַר וואָס זשע שטאַרבען נישט מענשען אָהן קינדער, נאָר עס ווערען געבוירען גלייכגילטיג ליידענדע?

— דערפֿאַר, ווייל קינדער זענען אָפֿט פּרוכטען פֿין אונזינינגע גערוישערייען, טהירישע ליידענשאַפֿט, אָדער לייכטזינינגע שפילערייען. ווי באַלד אין דער זריעה וואָלט זיי בעגלייט דער פֿערשטאַנד, וואָלט דער מענשליכער דור פֿערקלענערט דאָס ביסעל צופּ־יערענע פֿון פֿעטסעסערס.

— דו רעדסט פֿון זינן, פֿאָטער, דער קאָפּ איז דיר קראַנק געוואָרען.

— דער אלטער נביא האָט געבענשט די געטער, ווייל זיי האָבען יעדען ערלויבט אוועק צו נעמען זיך דאָס לעבען און קיינעם — דעם טויט. דו וועסט עס ווידערהאָלען, איידער עס וועט אַראָב פֿאַלען פֿון דיר דאָס לעצטע ווינדעל. צו דו קענסט דיין אורטייל? גאַסען יונג קען צו ברעכען די שויבען פֿון דיין שטוב און אריין לאָזען צו דיר דעם בייזען פֿראָסט. אַ גנב קען דיר צו נעמען דאָס קישען און אויסבעטען פֿאַר זיין הונד; אַ מערדער קען טוידטען דיין מוטער, אוב צו ראַביזוען איהר זילבערנע ציהרונג; דו קענסט פֿערברענט ווערן אין פֿייער, פֿערפֿוילט ווערען אין בלאָטע — און די סטרונעס פֿין גערעכטיגקייט, וועלכע זענען געשלאָגען מיט דיין געשריי, וועלען נישט אַרויס געבען קיין שום טאָן.

— מלכים היטען שוין נישט די מענשען, נאָר עס היטען זיי געזעצען.

— פֿאַר די קראַפֿט פֿון געוואַלט האָט מען ענטדעקט געזעצען, וועלכע מען פֿערטייטשט, אָבער נישט אזעלכע וועלכע זאָלען קענען פֿעראונמעכטיגען.

— רייץ מיך נישט, ווידערשפעניגער רוח, ווייל דיינע וואָרנונגען געדענק איך אפילו נישט. אויב איך וועל נישט קענען זיין דער הערר פֿון דער וועלט, וועל איך בלייבען איהר בעטלער — און זי וועט מיר אַ נדבה געבען.

— דו האָסט אַ טעות — זי וועט נישט געבען. דו קלעהרסט אַז דאָס איך האָב פֿון איהר מעהר געפֿאָדערט? איך האָב נישט בענערט אַז מיין קאַפּאָטע זאָל זיין פֿון זייד, נאָר מען זאָל מיר ערלויבען צו פֿערלאַטען די לעכער. איך האָב אפילו נישט פֿערלאַנגט אַז, מיין „טאָרבע" זאָל זיין פֿול אָנגעפֿילט, נאר עס זאָל ליגען אין איהר אַ שטיקעל ברויט. און דאָס האָט מען מיר ענטזאָגט. ווען איך האָב געארבייט האָט מען מיך געקלאָגט, דאָס איך פֿאַרנעם אנדערע. ווען איך האָב געזינגען אויפֿ'ן הויף לידער, האָט מען מיך אַרויס געיאָגט, קלאָגענדיג, אַז איך שטער די רוה. אַ מאָל האָב איך זיך אַנידערגעזעצט אויף'ן וועג און איך האָב זיך פֿערטראַכט. עס איז איינער צו געקומען און האָט מיך אַ ציה געטוהען ביים ארבעל און געוואָרענט: פֿאָרזיכטיג מיט פֿאַנטאַזיעס! איך קיק אויף די לבנה — האָב איך געזאָגט — און אויף די לבנה טאָר מען נישט אזוי לאַנג קיקען.

— עס חלום'ט דיך, אלטינקער?

— עס חלום'ט מיך נישט. איך זאָג דעם אמת... מיינע אונטערשטע דורות האָבען גוט געלעבט, האָבען אלעס בעניצט, אפֿילו זייער גוטהערציגקייט. מיין זיידע, בעמערקענדיג אויף'ן הימעל אַ קאָמעטע, האָט אָנגעהויבען פֿאַנטאַזירען וועגען אַ בעסער מזל, אָבער איך—נישט, איך האָב נישט געוואָלט מעהר האָבען פֿון אַ שווי לב: צו בויען די נעסט אונטער אַ געליעבטען דאַך, צו חאַפּען אין דער לופֿט עטוואס פֿליגען און צו טרינקען ביים טייך וואסער. די נעסט האָבען גאַסען־יונגען צעשטערט און דער יעגער, אום זיך צו לערנען ציעלען, האָט צו מיר געשאָסען. יאָ, מיין קינד, צו פֿאָדערונגען בין איך אַן עניו, נאָך וויינינגער ווי אַן עניו. נאָר די וועלט האָט נישט יעדען גלייך מיט אנדערע דאָס פֿעלד אויסגעמאָסטען. איינער מעג שטעלען די פֿיס אויף ביידע פּאָלוסען פֿון דער ערד־קוגעל און דער צווייטער מוז שפרינגען, ווייל ער טאָר נישט אין ערגיץ זיך אָבשטעלען.

— צו דו האָסט אין אמת'ן געארבייט, פֿאָטער?

— אַזוי שוועהר דאָס פֿון מיר האָט נישט שווים, נאָר בלוט גערינען. דאַן האָט מען געשריגען, דאָס איך האָב מיינע הענד צום מאָרד בעניצט. איך האָב זיך גענוזט בעהאַלטען אָדער ענטלויפֿען. ווען איך האָב פֿערזעצט ביימלעך האָט מיך דער שכן געוואָרענט: שנייד אָב, זאָלען זיי נישט אויס וואַקסען צו הויך!...

— ווער?

— יעדער וואָס האָט נישט ליעב געהאַט קיין געהילץ.

— איך פֿערשטעה דיך נישט, אלטער, דו רעדסט מיט אַ געהיימע שפראַך, וועלכע קלינגט אין די אוירען ווי אַ קריץ אין די ביינער פֿון אַ סקעלעט, אבער צייגט נישט איבער.

— דו וועסט מיך פֿערשטעהן, ווען דו וועסט זעלבסט שטאַרבען.

— עס קען זיין — יעצט נישט. יעצט דאַנק איך דיר נור, ווייל דיינע קלאָנגען בעצייכענסט דו מיט שוואַרצע צייכונגען, וועלכע זענען פֿאַר מיר אונפֿערשטענדליך. ווען איך וואָלט זיי אין גאַנצען פֿערשטאַנען, וואָלט איך פֿערלוירען די האָפֿנונג, וועלכע איז די נשמה פֿון קינד.

— האַלט זי אין איינעם מיט מיין וואונש: דו זאָלסט דאָס לעבען ענדיגען מיט־דעם זעלבען וואָרט, מיט וועלכען דו האָסט אָנגעהויבען. האָפֿנונג גיעט מוטה. אם מוטהיגסטען שווימט דער אויף'ן ים, וועלכער דענקט, דאָס די דעק פֿין שיף איז אַ דעק פֿין אַ טיעפֿעניש און די ווינטען זענען שטריק פֿין אַ הוידע. דו

האָסט א יונג אויג, קענסטו דעריבער בעסער זעהען. פאַר מיר איז אויסגעשפּרייט נאָר א פֿינסטערניש, אין וועלכע עס לויכטען פֿונקען.

— און איך בעמערק די ווייטערסטע פֿייערן אויף דער ערד און די שטערן אויף'ן הימעל. זייערע שטראַלען פֿאלען אויף מיין וועג.

— דו בעמערקסט אין אמת'ן?

— יאָ, דו פֿערשטעלסט מיר, אָבער דו ווערסט נישט פֿערלעשען.

— פֿערשלאָפֿענער נאַכטוואַנדלער, וואָס פֿאַנטאזירסטו! דאָס האָבען געלויכטען די אויגען פֿון א וואָלף אָדער טיגרען אין די געדיכטע געוויקסען. האַ, האַ, האַ, די וועלט דאַרף יעדען טאָג צו טוישען די מענשען, דען זי וואָלט געגעבען גליק פֿאַד די ניי־געבוירענע. דו ווערסט עס האָבען, נאָר בעגער נישט מעהר ווי דאָס, אויף וואָס עז קען בעשטעהן אַ שטיין, וואָס דענקט נישט און שפּיערט נישט, וועלכער האַלט אויס היינט די קלעפּ פֿון פֿערבייפֿאָהרענדע רעדער און צו מאָרגענס שטעקט ער אין טראָטואַר, אין די טרעפּ פֿין קירכע אָדער שוהל.

— דו לייקענסט!

— איך שטאַרב.

— און אין איך וועל לעבען.

— דו מוזט, ווייל דו ווילסט.

... ער איז געשטאָרבען. ארום מיר הער איך פֿערשטיקטע קולות. ער וואָלט געזאָגט, אז דאָס זענען בייזע געהיימע געמורמעלרייען און איך דענק, אז דאס זענען ליעבליכע סודות. לולו, לולו — די וועלט איז שעהן, לולו, לולו — די וועלט איז פּראַכטפֿאָל, לולו, לולו – די וועלט האָט רעכט.

איכערזעצט נ קאָקעט.



# קריטיק.

### י. י. פראַפּוס.

ליעדער, ס"ט פעטערסבורג 1905.

ה' פראָפּוס איז ניט גאָר אונבעקאַנט אין דעד יונג יודישע ליטעראַטור. זיינע קליינע געדיכטע האָבען מיר פֿון צייט צו צייט בעגעגנט פֿריהער אין "יוד", "יודישע פֿאַמיליע", שפּעטער אין "פֿריינד" און אין אַנדערע צייטונגען און זשורנאַלען. יעצט האָט ה' פראָפּוס זיין קליינעס פֿערמעגען צונויפֿגעקליעבען, הערויסגעגעבען אין אַ קליין־שיין־ביכעלע און האָט עס אַ נאָמען געגעבען "ליעדער".

און חאָטש "ליעדער", ווי עס איז אָנגעקומען ביי די פּאָעטען פֿון די אומות־העולם, דאַרפֿען אויסדריקען פּשטות און אונמיטעלבארעס־געפֿיהל געפֿינען מיר אין דער זאַמלונג אַזא מין געקינסטעלטען פּאַטאָס:

איך טראָג דעם וועלט שמערץ אין מיין ברוסט,
שוין לאַנגע, לאַנגע יאָהרען!

און מיר, וואָס ווייסען, אַז פּראָפּוס איז נאָך אַ יונגער פּאָעט, קענען איהם, פֿערשטעהט זיך, ניט גלויבען, אַז ער טראָגט דעם וועלט שמערץ שוין לאַנגע לאַנגע יאָהרען, דעריבער מאַכט אויף אונז אַזא מין "ליעד" זעהר ניט קיין גוטען איינדרוק...

ניט קיין בעסערן איינדרוק מאַכט אויף אונז דאָס "ליעד" "געטער".

כ'האָב פֿיר אייך געקנייט זיך,
געבוקט זיך ביז דער ערד,
און פֿאַר אייך געגאַנגען
אהין וואו ס'בליצט דער שווערד,
און מיין בלוט געלאָזען
פֿאַר אייך אין בלוטיג־פֿעלד...

מיר גלויבען ווידער ניט...

אויך גלויבען מיר ניט ה. פּראָפּוס'ען, ווען ער זינגט אונז:

איך האָב געליעבט אַ מיידעלע,
אַ מיידעלע אַ שיינס,
עס האָט פֿערמעגט דאָס מיידעלע
אַ מיילעכיל אַ קליינס...

ווייל אויב אַ דיכטער ליעבט ווירקליך אַ "מיידעלע אַ שיינס", וואָס פֿערמעגט אַ מיילכעלע אַ קליינס", געפֿינט ער, ניט געזוכטערהייט, אַן איינענע פֿאָרם אויסצודריקען זיין וועה, זיין בענקען און נעמט ניט קיין פֿיקס פֿערטיגע פֿאָרם ביי פרעמ'ן...

מיר גלויבען איהם אפילו ניט, ווען פֿע־צווייפֿעלט און ערנידעריגט זינגט ער זיין געליעבטער:

...איך בין צו די פֿיס ווי אַ הונד (?) דיר געלעגען,
דו האָסט זיך דערויס ניט געמאַכט.

ביי דיר איז אַ שפּיעלכעל געוועזען מיין ליעבע,
אַ שפּיעלכעל מיין ריינסטעס געזאַנג,
אין ריהרענדע טענער האָב איך אויסגעגאָסען
מיין בייגקען צו די', מיין פֿערלאַנג...

און ווי אַזוי זאָלען מיר איהם יאַ גלויבען, ווען מיר ווייסען, אַז ליעגענדיג ביי דער געליעבטער'ס פֿיס ווי אַ הונד קען מען אין ריהרענדע טענער ניט אויסגיעסען קיין בענקען... עס פּאַסט זיך עפּיס נישט...

---

אָבער ניט אלע "ליעדער" אין ביכעל זענען אַזוי געקינסטעלט, איבערגעטריעבען, נאַכגעאַהמט. פּראָפּוס ווערט אַ מאָל אויף אַן'אמת טרויריג, פּראָפּוס ליעבט אַ מאָל מיט אַן אמת און זוכט טאַקי עפּיס מיט אַן אמת. און דאַן זינגט ער ווירקליך "אין ריהרענדע טענער" זיין בענקען און פֿערלאַנג".

מיר ברייגגען לדוגמא:

איינציגווייז זענען די טעג מיר פֿערשוואונדען,
דאָס האַרץ האָט געדריקט;
געוועלקט האָבען בלומען אין גאָרטען — איך האָב זיי
מיט אייגענע הענד דאָך געפֿליקט...

און טרויעריג האָט זיך דאָס ליעדעל געגאָסען,
עלינד און באַנג;
טיעף האָב איך אין קישען מיין פּנים בעהאַלטען, —
די נאַכט איז געוועזען אַזוי לאַנג...

אָדער:

צי האָסטו, מיין פֿריינד, ווען געפֿיהלט, וואָס עס הייסט
אַנ'עלענדער לעבען, אָהן ליעבע, אָהן טרייסט;
ווען שלעפֿעריג ציהען זיך, שלעפּען די טעג
און ווייסט נישט, ווען וועט דאָס אַלץ נעהמען אַ ברעג!

צי האָסטו געפֿיהלט, וואָס עס הייסט און בעטייט,
בעשטענדיג צו פֿיהרען אַ ביטערען שטרייט,
בעשטענדיג צו זוכען נור שטערען און ליכט —
און זעהסט נור אַ הימעל מיט וואָלקען געדיכט?

צי האָסטו געפֿיהלט, ווי פֿאַר טויזענדער מייל,
דיר, דוכט זיך, עס ברענט דאָרט אַ ליכטיגע זייל —
און ס'רייסט דיך אהינצו, און ס'ציהט דיך און ציהט,
און פֿיהלסט דיך אין אייזערנע קייטען געשמידט;...

---

ווי געזאָגט, איז נאָך פּראָפּוס יונג. ער האָט נאָך זיין וועג נישט געפֿונען, און דעריבער קלינגען נאָך אין זיינע ליעדער פֿרעמדע טענער. מעהרסטען טהיילס פֿון פֿרוג און פּרץ. אָבער די איינע שיינע און איבערהויפּט — אייגענע ליעדער, וואָס געפֿינען זיך אין דער קליינער זאַמלונג

קען אונז פֿערזיכערן, אַז פראָפּוס וועט זיין אייגענע פֿארם געפֿינען, זיי אייגענעם „איך" דייטליכער און אויפֿריכטיגער הערויסזיינגען. דאַן וועלען מיר זיין צווייטע זאַמלונג ליעדער מיט מעהר שמחה בעגעגענען. דער ווייל בעגריסען מיר די ערשטע, וועלכע האָט אויך, טראָץ די איבענדערמאַנטע פֿעהלערען, אַ ווערט אין דער יודישער ליטעראַטור.

בן־קלמן.



# פֿון וואס ווערען בעשאַפען אידעען ?

פֿון ל. קרזשיוויצקי.

איבערזעטצט פֿון ד. דרוק.

---

(פֿאָרזעצונג).

די אידעע אָרגאַניזירט א געזעלשאַפֿטליכע ארמעע ד. ה. א „פארטיי", וואָס וועט פֿיהרען די זעלבינע גרופּע אין א מלחמה געגען דעם אָבגעלעבטען געזעץ פֿון וואהל־רעכט. עס הויבט זיך אָן די אגיטאצ־יאָן, וואָס שטעלט זיך מיט איהר אויפֿגאבע צו פֿערברייטערען די אידעע און פֿעראייניגען אלעמען וואָס זענען אין דעם פֿאראינטערעסירט. די אידעע לאָזט ניט דורך קיין איינציגע סיבה, וואָס זי זאָל איהם ניט אויסנוצען: זי ווענדט זיך צום קלאסען־עגאָאיזמוס, זי עקספּלאָ־אטירט די מאָראלישע אינסטינקטען, זי רופֿט צו הילף די געפֿיהלען פֿון גערעכטיגקייט און לאָגיק.

כדי מיר זאָלען בעסער פֿארשטעהן און געדענקען דעם גאַנצען ענטוויקלונגס גאַנג, ווע לען מיר אַרויס נעהמען דעם תוך, דעם עסעניץ פֿון איהם און עס מאַכען בקיצור.

1) אין יעדער געזעלשאַפֿט קומען אַריין, אונטער זיין עקזעס־טירענדער אָרדנונג, נייע מאַטעריעלע אומשטענדען פֿון געזעלשאַפֿטליכען לעבען, נייע פראדוקציאָנס קרעפֿטען, ניט אויסגערעכענטערהייט און מעכאַניש, די מענשען נעהמען אין דעם גאַנצען ענטוויקלונגסגאַנג אָן אַנטייל, נאָר זיי בעטראַכטען ניט אליין די רעזולטאַטען, וואָס עס וועט אַרויס פֿון די אָנגעקומענע אומענדערונגען.

2) אויף אַ געוויסע מדרגה פֿון דער ענטוויקלונג הייבען אָן די נייאָנגעקומענע פּריוואַט אינטערעסען, זוכענדיג אַ בעסערן צושטאַנד, זיך צו בעגעגנען מיט פֿערשיעדענע שטערונגען פֿון דער רעכטליכער לאַגע אין דער עקזעסטירענדער אָרדנונג. אָט דאָ הייבט זיך אָן אַ אונבעוואוסטער שטרייט מיט זיך אַליין, וועלכער ברענגט אין דער ווייטיגערער ענטוויקלונג צו אַנייער אידעע. מיט דעם אַריין קומען פֿון דער אידעע, ענדיגט זיך דער בעוואוסטער פעריאָד פֿון דער דיאלעקט־טישער ענטוויקלונג אין דער געזעלשאַפֿט. ווי מיר זעהען איז די אידעע די צווייטע, אָבגעלייטעטע ערשיינונג ד. ה. זי קומט אַריין, ווייל עס האָבען זיך אויסגעבילדעט נייע רעאלע פֿערהעלטניסע, פֿון אַזאַ שטאַנד פּונקט איז דאָס לעבען אליין אין זיין עלעמענטאַרישע ענט־וויקלונג דער גרונד און שאַפֿונגס פֿאַקטאָר. אין דער אידעע ליעגט מעהר ניט די אללע פֿערשיעדענע שטרעבונגען, וואָס זענען שוין אינ'ם לעבען פֿריהער געוועזען. די געזעלשאַפֿטליכע בעוועגונג רופֿט זיך דורך די אידעע ניט אַרויס, — די אידעע אָרגאַניזירט נאָר אַלע עלעמענטען, וואָס עקזעסטירען שוין איידער זי ווערט געבאָרען.

3) אַז די אידעע קומט שוין אַריין, הערט שוין אויף די געזעלשאַפֿט זיך צו ענטוויקלען אָהן אַ בערעכנונג. די גאַנצע מאַשינע הייבט זיך אָן צו דרעהען מיט אַ שכל און בעוואוסטזיניג. די זעלבינע געזעלשאַפֿטליכע גרופּע הייבט אָן צו פֿערשטעהן, וואָס איהר פֿעהלט און וואָס זי האָט נויטהיג, אַז זי זאָל זיך קענען בעסער ענטוויקלען.

אין דעם ענטוויקלונגס פעריאָד, ווערט שוין די אידעע דער וויכטינס־טער פֿאַקטאָר פֿון דער געשיכטע. אַלסדינג, וואָס ס'איז פֿריהער געגאַנגען עלעמענטאריש און אָהן אַ שכל, געהט שוין יעצט מיט אַ רעכעניגג און בעוואוסטזיין.

יעצט וועלען מיר דורך נעהמען איינינע היסטאָרישע פּונקטען פֿין אייראָפּא און דער מיטעלאַלטערישער צייט.

---

II.

שטעדט הייבען זיך אָן צו ענטוויקלען אין אייראָפּאַ ערשט אינ'ם 18־טען יאַהרהונדערט, וועלכע מעלדען מיט זייער אָנקומען אויף אנייער אָרדנונג פֿון די פּראָדוקציאָנס קרעפֿטען. זיי ווירקען, אַז די דאַנדווערק־עריי זאָלל זיך אבטיילען פֿון דער לאנדווירטשאַפֿט, עס זאָל זיך ספּע־ציעליזירען און פֿערבעססערן די בעארבייטונגס מיטטלען און ס'זאל זיך ענדליך, פֿערגרעסערן די פּראדוקטיוויטעט פֿין דער אַרבייט. די ענט־וויקלונג געהט זיך גאַניץ לאַנגזאַם, אבער אָהן אנ'אויפֿהער. „די היסטאריע שרייבט מוירער אין דער איינלייטונג צו „די געשיכטע פֿון די שטעדטישע אנשטאַלטען", אקוראט אזוי ווי די נאַטור, ווייס ניט פֿין קיין שפּריינגעניש, זי געהט זיך גאַניץ לאַנגזאם, ביז זי טרעפֿט ניט אויף איהר וועג קיין שטע־רונגען. אין דער נאַטור ענטוויקעלט זיך אַליץ דינג נאַטירליך פֿין אַ געוויסע זריעה. שטעדט האָבען זיך אויך ענטוויקעלט נאַכ'ן זעלביגען פּלאַן ד. ה. זעלבסשטענדיג און עלעמענטאריש.

די זריעה, פֿון וועלכער עס האָבען זיך ענטוויקעלט שטעדט, איז גע־וועזען די לאַנדווירטשאַפֿטליכע געמיינדע (קהילה). די פֿעלדער זיינען אָפּט, געוועזען פֿערטיילט אין פּריוואַט הענד, נאָר פֿון דעסטוועגען איז דער לאַנדסמאַנן איבער איהר קיין גאַנצער בעל־הבית ניט געוועזען. א פֿעלד האָט ער אָהן דער איינשטימונג פֿון די איבעריגע שכנים ניט געקאָנט פֿערקויפֿען, אָדער אליין בעאַרבייטען, ווייל געוועהנליך פֿלעגט די געמיינדע נאכ'ן אָבשניידען מאַכען אללע פֿעלדער אויף צו פֿיטערן בהמות, און דעריבער האָט זי געפֿאָדערט, אז אללע בעלי־בתים זאָלען אין איין צייט אַקערן און אין איין צייט אָרונטער נעהמען די תבואה. (אין איינינע אָרטער איז אפילו געוועזען אמנהג צוטיילען צייטענווייז די ערד פֿון דאס ניי, אָדער אָבצושניידען אשטיקעל ביי איינינע אין אָבצוגעבען די אַנדערע.). פֿעלדער, לאָנקעס און וועלדער האָבען געהערט דער גאַנצער געמיינדע, דאָס רעכט אפֿילו צו פֿערקויפֿען אויס־געארבייטע פּראָדוקטען איז אויך געוועזען בעגרענעצט. נאָך אין אצייט ארום, ווען עס איז שיין געוועזען ענטוויקעלט דער גרויסער מארק, האָבען נאָך פֿין דעסטוועגען די מיטגליעדער פֿון דער גאַנצער געמיינדע ניט געהאַט דאָס רעכט ארויס צופֿיהרען קאַהלען, האליץ, היי, שטרוי, פֿיש א. ד. ג. וואו מען זאָלל ניט האָבען די ערלויבניש פֿון אללעמען. אללע פּראדוקטען, וואָס איינער האָט נאר אויסגעארבייט ווי: פֿוטער, שטריק, טעפּ א. ד. ג. האָט ער פֿריהער ווי אַליץ געמוזט ארויסשטעללען צופֿערקויפֿט אין דאָרף גופא, נאָר אז ער האָט דאָרטען זיינע סחורה ניט פֿערקויפֿט האָט ער דענסטמאָל געמעגט ארויספֿיהרען אַנדערסוואו, אויסער דער געמיינדע. דערפֿון קאָנן מען נאָך אַליץ ניט זאָגען, אז ער האָט געהאט פֿאָללשטענדיג דאָס רעכט צופֿערקויפֿען, אז איינער פֿון דער געמיינדע האָט געהאַט אביססעל חשק, האָט ער געמאָנט נאָך־זאָגען דעם קויפֿער אוז, איהם אוועק געבענדיג דאָס געלד וויפֿיל ער האָט בעצאהלט, צו נעהמען די סחורה צוריק. אזא עקאָנאָמישער אָרדנונג וואָס די ערד, אין אפילו די אויסגעארבייטע פראדוקטען פֿון יעדער איינצעלנעם מענשען איז געוועזען קהל'שע, האָט געדאַרפֿט ארויס רופֿען אין לעבען אזא אָרגאַ־ניזאציאָן, וואָס זאָלל איינטיילען די ערד, לאָנקעס און וועלדער, וועלכע זאָל בעשטימען די פֿיטערונג אין שניט צייט, דינגען פּבסטעכער א. ד. ג. די גאנצע ארבייט האָט אנגעפֿיהרט דער דאָרף, אויסקליבענדיג מאַנכעס מאָל פֿון די איינענע מענשען שטענדיגע פֿערוואלטערס.

אָט פֿין אזא מין זריעה האָבען זיך אויסגעבילדעט שטעדט. די אמאָליגע היידען־שטעדט זיינען געוואַרען די הויפּט שטעדט פֿון גלחים אָדער אנ'אָרט אויף צו בויען מאָנאַסטירען און אָט אזוי זענען זיי ביס־

לעכוויז געוואָרען שטעדט. דאָס גלייכען האָבען זיך אויסגעבילדעט שטעדט ביי אַנ׳אָרט וואו עס זיינען שטענדיג מיליטער, אדער ביי פֿריצישע הויפֿען. דערפֿליך, וואָס זיינען געשטאנען ביי גרויסע קרייצ־וועגען, זיינען אויך מיט דער צייט געוואָרען שטעדט. די ענטוויקלונג געהט זיך אַליך ווייטער און ווייטער. דער הויפּט פּינטעלע פֿון וואַנען דאָס נעהמט זיך אַליך זיינען די געמיינדליכע אנשטאַלטען. די גאַנצע וועלט און רעגירונג איז געוועזען די געמיינדע. זי פֿערוואַלטעט איבער די אַרבייט פֿון איהרע איינוואוהנער, זי איז די פּאָליציי, אדמיניסטראציאָן און טיילווייזע אויך געריכט (סוד). נאָכ׳ן ערך נאָך ווי עס בילדעט זיך די שטעדט ווערען אויך די שטאַדטיגע בעדערפֿניסען אַליך גרעססער און ממילא ווערען צו ליעב דעם גופא די עקזעסטירענדע אַנשטאַלטען פֿערשיעדענאַרטיגער און מעהרער. די פֿערוואַלטונג פֿון די אַללע זאַכען מוזען אונבעדינגט איבערגעגעבען ווערען דער אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע די ניי געבאָרענע שטעדט האָט געפֿונען, ד. ה., וועלכע זי האָט בעקומען בירושה פֿון דער געמיינדע. אנדערש ווידער האָט עס ניט געקאָנט זיין.

וויעדער דאַרף מען ניט פֿערגעססען נאָך אַ וויכטיגע זאַך, אַז אמאָליגע יאָהרען האָט זיך נאָר פֿאַר אַגלייך בערעכטיגען בירגער פֿון דער געמיינדע גערעכענט דער יעניגער, וועמענס „אבות־אבותנו“ האָבען געהאַ־ט צו דער געמיינדע, אַנ׳אָנגעפֿאָהרענעם האָט מען געהאַלטען פֿאַר אַ „פֿרעמדען“ ד. ה., פֿאַר אַמענשען וואָס קאָנן אין דער געמיינדליכער חברה ניט אריין גענומען ווערען.

קומענדיג אין דער פֿרעמד האָט זיך אַזאַ מין עמיגראַנט קודם־כל גענויטיגט אין רעכטען. ס׳פֿערשטעהט זיך, אַז ער האָט זיך גוט געפֿרעהט, ווען איינער האָט איהם נאָר צוגענומען ביי זיך פֿאַר אַדיענער. דאָס איז אַליך פֿאָרגעקומען אין יענע צייטען, בעת דער מנהג פֿון ערד מסחר איז נאָך ניט געוועזען. די אָנגעפֿאָהרענע זיינען נאָך געוועזען גאַנץ ווייניג און אָרעם און אין די שטעדטישע אַנשטאַלטען האָבען זיי קיין אַנטייל ניט געקענט נעהמען. אָט, אין דער לעצטער צייט, אַז די אָנגעפֿאָהרענע ווערען שוין אַרעכטער טייל צווישען די בעפֿעלקערונג, בייט זיך שוין אום די זאַך גאַנץ אַנדערש און די פּערזענליכע אבהענגיגקייט פֿערשווינדעט. נאָר אפילו אין ד ע ר צייט בעקומען פֿון דעסטוועגען די „פֿרעמדע“ נאָך אַליך ניט קיין בירגערליכע רעכט. אַזאַ מאָמענט קומט ערשט דענסטמאָל, ווען די אָנגעפֿאָהרענע ווערען אַ רייכער שטאַנד (סאָסלאָוויע) און הייבען אָן צו פֿערשטעהן זייערע סאָציאַלע אינטערעסען ד. ה. ווען פֿון דער קליינע און אָרעמער גרופּפּע, ווי זי איז געוועזען אין אַנפֿאַנג, קומען אַרויס פּאָרשטעהער פֿון די הערשענדע פּראָדוקציאָנס־קרעפֿטען אין שטאָדט.

נאָכ׳ן ערך נאָך ווי עס וואַכסען צו אַזעלכע אָנגעפֿאָהרענע עלעמענטען פֿון פֿרעמדע לענדער, צוגלייך מיט דער ערשטער לאַנדווירטשאַפֿטליכער געמיינדע, וואָס געהט מיט דער צייט איבער אין אַ מיניציפּאַלע אָרגאַניזאַציאָן, — קומען אין דער זעלביגער צייט אָן נייע צעכען, אָרגאַניזאַציאָנען, וואָס טראָגען לכתחילה אַ פּריוואַטען כאַראַקטער. אַז די ענטוויקלונג קומט אויף דער מדרגה, הייבט זיך שוין אָן אַ מחלקה צווישען די אַלטע געבירטיגע לאַנדסלייט, וואָס זענען איצטער געוואָרען פּאַטריציער, וועלכע עס געהערט די פֿערוואַלטונג מיט די שטעדטיגע זאָרג, — און די פּלעבייער ד. ה. די האַנדווערקער, וואָס קומען דאָס רוב אַרויס פֿון די אָנגעפֿאָהרענע. כל־זמן דער איינציגער מקור, פֿון וועלכע די שטאָדט האָט געצויגען איהר חיונה איז געוועזען די לאַנדאַרבייט, און דער געבירטיגער לאַנדישער עלעמענט איז געוועזען דאָס גרעסטע טייל פֿון דער בעפֿעלקערונג, זענען די פּאָליטישע פּריווילעגיען פֿון די דאָזיגע יחסנים געוועזען גאַנץ נאָרמאַל און ריכטיג. נאָר בעת דער הויפּט־פּונקט פֿון דאס רייכטום און אינדוסטריע איז אַריבער צו די צעכען, בייט זיך שוין די לאַגע אום אין גאַנצען. דאָס, וואָס מען האָט אַמאָליגע יאָהרען געהאַלטען פֿאַר נאַטירליך, ענדערט זיך עס איצטער איבער און עס ווערט די גרעסטע אונגערעכטיגקייט. די בירגער, וואָס האָבען געשטאַמט פֿון די פֿריהעריגע לאַנדסלייט, זענען פֿריי געוועזען פֿון שטאַדטיגע אַבגאַבען און זיך נראָב בעהאַנדעלט מיט די פּלעבייער; האָבען אויסגעגעבען די שטאָדט־געלד, און פֿערקויפֿט משפּטים. „וואָס איז דאָס פֿאַר אַ צרה, וואָס עס נעהמט קיין סוף ניט צו די אבצאהלונגען, — קלאָגען זיך די צעכען, — מען ווייס ניט וואו עס ווערען אָבגע׳פּטר׳ט אַזוי פֿיעל קרוינישע געלד, ווייל די שטאָדט חובות ווערען ניט קלענער, נאָר גרעססער“.

די מחלקה פֿאַרשטאַרקט זיך. צווישען די פּלעבייער הייבט זיך אָן צו פֿערשפּרייטען אַ פֿערבאָרגענע שנאה. דאָס קענען שוין מעהר ניט דערטראָגען ווערען און די אָנגעקליבענע צרות הייבען ענדליך אָן צו לייגען אַ יסוד פֿאַר בעוואוסטזיניגע פּאָליטישע שטרעבונגען. וואָס פֿאַר אַ כאַראַקטער דאָס וועט אָנעהמען קענען מיר שוין זעהן פֿאָראויס. אין דער צייט פֿון די קרייצציגע (מסע הצלב) זיינען אין די פּירענעאישע שטעדט די געשלעגען צווישע די פּלעבייער און פּאַטריציער גאַנץ געוועהנליכע סצענעס. אַ אירגענדס וועלכער אַלטער מיוחס האָט בעליידיגט וועמען ניט איז פֿון דעם „פּראָסטען המון“. ראָס געריכט משפּט אָב פֿאַלש און דאַרויף ענטפֿערען די צעכען מיט געוועהר. די געשיכטע בעווייזט אונז צו וואָס די ענטוויקלונג פֿון די פּראָדוקציאָנסקרעפֿטען קענען ברענגען. האַנדווערקער, וואָס זייערע עלטערן האָבען זיך געפֿ־עהט וואָס מען האָט זיי גאָר אַריין געלאָזען אין שטאָדט, פֿאָדערן מען זאָל רעפֿאָרמירען דעם מוניציפּאַלען געזעטץ אויף אַ מעהר דעמאָקראַטישען גייסט.

די געשיכטע פֿון די איטאַליענישע שטעדט מיט זייערע וועלפֿען און גיבעלינער, מיט די דינאַסטיעס מעדיצי און נאָך אַנדערע, אויך די דייטשע פֿלאַנדרישע שטעדט א. ז. וו. ווייזט אונז אָן אומעטום די זעלביגע מלחמה.

אומעטום האָבען געאַרבעט די זעלביגע געזעלשאַפֿטליכע קרעפֿטען, חאָטש דער רעזולטאַט איז אין יעדער שטאָדט אַנדערש אַרויס געקומען. דאָס האָט זיך געווענדעט אָן די פֿערהעלטניסע פֿון די קעמפֿפֿענדע גרופּען, אָן דעם בעוואוסטזיין פֿון די אַנטייל נעהמער און אַנדערע היסטאָרישע קאַמפֿ־בעדינגונגען. פֿון איינע שטעדט זענען זיך די געבירטיגע פּאַטריציער ציפֿאָהרען אַנדערש וואו, אין אַנדערע ערטער האָבען זיי זיך פֿאָלשטענדיג צוזאַמען געגאָסען מיט די פּלעבייער. דאָס גלייכען האָבען די פּאַטריציער אין אַנדערע שטעדט פֿערהאַלטען די מאַכט אין זייערע הענד און זי פֿאַרטיילט פֿאַר איינעגע מדרגות פּלעבייער אָדער זיי האָבען איינגעאָרדנעט צוויי דומעס. די העכערע פֿון פּאַטריציער און די ניעדעריגע פֿון צעכען. מאַנכעס מאָל גרינדען די געבירטיגע גבירים, הויזבעלי־בתים א. ד. ג. פֿון זיך אַ בעזינדערען צעך, וועלכער האָט צוגלייך מיט די איבריגע צעכ׳ן זיינע פֿאָרשטעהער אין די מוניציפּאַלע אַנשטאַלטען. דער אַנאַליז פֿון אַזעלכע רעזולטאַטען זענען זעהר אינטערעסאַנט. אויס פֿאָרשענדיג די פֿראַגע, איבערציינען מיר זיך, אַז אומעטום האָבען זיך די זעלביגע אידעען ענטוויקעלט פֿון די זעלביגע סיבות ד. ה. פֿון די מאַטעריעלע בעדינגונגען און אַז ניט נור דורך איינע, זאָנדערן דורך דעם סך־הכל פֿון פֿיעל אַנדערע אורזאַכען.

* *
*

די ענטוויקלונג פֿון דער האַנדווערקעריי און האַנדעל האָט געעפֿענט אַ נייע וועלט. ניט אַזוי וואָס זי האָט געווירקט אַז די שטאָדט פֿערוואַלטונג זאָל איבערגעהן אין אַנדערע הענד, נאָר זי האָט נאָך אויך געמאַכט אַפֿאָלשטענדיגע איבערקערעניש אינ׳ם גאַנצען סאָציאַלען לעבען, בעווייזענדיג, אַז געזעטץ און אַנדערע אַנשטאַלטען זענען נאָר אַגעזעלשאַפֿטליכע איבער־בוי (בנין — דער היפּך פֿון ־יסוד, פֿונדאַמענט אויף וועלכע עס ווערט געבויט דער גאַנצער בנין.), וועלכע ווערט אום געענדערט דורך דעם איינפֿלוס פֿון מאַטעריעלע סיבות ד. ה. דורך דער איבערקערעניש פֿון די פּראָדוקציאָנס קרעפֿטען.

מיר האָבען שוין אויבען גערעדט, וואָס פֿאַר אַ רעכטען די געמיינדע האָט געהאַט בנוגע דעם געהערען און פֿאַרקויפֿען פּראָדוקטען. דער גאַנצער סחר־מכר, וואָס עס הויבט זיך אָן אין די שטעדט, זענען איהר געוועזען פֿאָלשטענדיג פֿרעמד. נאָר, נאָכ׳ן ערך נאָך ווי עס ענטוויקעלט זיך דער האַנדעל און אינדוסטריע, ווערט עס גאַנץ לאַנגזאַם אַ מורא׳דיגע איבערקעהרעניש אין די געזעצען און מנהגים פֿונ׳ם געזעלשאַפֿטליכען לעבען. די שטאָדט, וועלכע איז אַמאָל געוועזען אַ דייטשע קאָרפּאָראַציאָן און האָט אָנגענומען פֿאַר ריכטיגע מיטגליעדער נאָר איהרע

איינגע, דארטען געבארענע, ווערט מיט דער צייט א פרייע קארפאראַ-ציאן (חברה) ד. ה. אזעלכע, וואו יעדער איינציגער קען ווערען א מיט-גליעד ווי נור ער שרייבט איין זיין פאמיליע-נאמען אין דער מוניציפאליטעט (דומע). אונזערע יעצטיגע רעכטס-אנשטאלטען און יוריספרודענץ, אפילו איינגע מאראלישע און עסטעטישע אנשויאונגען זענען אויך ניט אראב-געפלויגען פון הימעל. זיי זענען ארויס געקומען דורך די ניי-ענטוויקעלטע פראדוקציאנס קרעפטען, וואס האבען זיך אויס געבילדעט אין די מיטעל-אלטערישע שטעדט. .מיר דארפען קוקען אויף די שטעדט, — זאגט מוירער גאנץ ריכטיג, — ווי אויף נביאים פון דעם יעצטיגען לעבענס ארדנונג."

(פארטזעצונג קומט).



# ליטעראטור און קונסט.

זונטאג, דעם 12טען פעברואר האט אין קראקויער יודישען טעאטער שמאט געפונען איין יודישער ליטעראַרישער אבענד, פעראנשטאלטעט דורך דעם פעראיין „בילדונג".

פארגעלעזען און דעקלאמירט האט מען פון פרץ, שלום-עליכם, ראזענפעלד, רייזען און עדעלשטאט. די מיטגליעדער פון זעלבען פעראיין, וועלכע עס געלינגט אימער אויפצופיהרען דראמען, איז דיעזער ערשטער ליטעראַרישער אבענד ניט בעזאנדערס געלונגען. אמת, אויב אן ערפאלג ווערט געשאצט לויט דער צאהל פון די בעזוכער און לויט די הענד-פאטשעריי, האט אויך דיעזער ליטעראַרישער אבענד איין ערפאלג געהאט. דאס פובליקום איז בערך געווען גרויס. געפאטשט האט מען אויך גענוג, אפשר נאך צו פיעל. אונז דאכט זיך אבער, אז קיין מאראלישען ערפאלג אין פולען זינען פון דעם ווארט האט דער אבענד ניט געהאט. שולדיג דערין זענען די אונערפאהרונגען פון די פעראנשטאלטער, בנוגע צו א ליטעראַ-רישען אבענד. און צו ליעב א צווייטען מאל, ערלויבען מיר זיך צו מאכען די אנטהייל-נעמער עטליכע בעמערקונגען.

א פארטראג איבער דער יודישער שפראך און איהר ליטעראטור (געהאלטען פון ה' פאזנאנסקי). וואס דויערט 20 מינוט, דארף געלעזען ווערען ניט אויסווייניג — נאר פון פאפיער. אויסווייניג לעזען קענען זיך ער-לויבען נאר גרויסע, בעריהמטע רעדנער...

צו זיין א טראגיק איז אפשר א מעלה, פון דעסטוועגען האט דער דעקלאמאטאר (ה' נעבירטיג) די צוויי געדיכטע „מיך צידט אהין" און די פריהלינג-זון, ניט געדארפט אזוי וויינענדיג דעקלאמירען, בפרט אז די דאזיגע צוויי ליעדער זענען גראדע נישט קיין וויינענדיגע. און ווען דאס פובליקום שרייט — הערצליך אדער געקינסטעלט — ביס, דארף מען ניט פארלעזען נאכדעם איין איינענעס, זעהר לאנגעס געדיכט, וואס איז אין ערגיץ ניט געווען געדרוקט און וואס איז ניט אריין אין פראגראמם. אזוינס שוואכט אב דעם איינדרוק פון דעם גאנצען ליטעראַרישען אבענד...

„ריאבטשיק" פון שלום עליכם (פא-געלעזען פון ה' חאמאנטאווסקי) איז טאקי איין אונגליקליך בעשעפעניש. עס איז אויף איהם אודאי א גרויס רחמנות און אפשר האט טאקי שלום עליכם מיט זיין ריאבטשיק סימבא-ליזירט דעם עלענד פון דעם פראלעטאריאט, — פון דעסטוועגען פארצו-לעזען ריאבטשיק מיט א וויינענדיג קול, קומט עפיס אויס אביסעל פריקרע. והא ראיה, דער פארלעזער האט עם קענטיג, אין מיט'ן, אליין פארשטאנען און ער האט אנגעהויבען צו לעזען מיט א נאטירליכען טאן און דאס פובליקום איז טאקי באלד לעבעדיג געווארען.

א ליטעראַרישער אבענד טאר — מאראליש — נישט טראגען קיין פארטיי חאראַקטער, און קיין שום פארטיי זאבען דארפען ניט געזונגען ווערען, חאטש דער קאר מעג ווי שיין זינגען (און דער קאר האט ווירקליך שיין געזונגען).

מיר האפען, אז די אנטהייל-נעמער אין די יודישע ליטעראַרישע אבענדען וועלען אין אכט נעמען אונזערע בעמערקונגען אין דער צווייטער אבענד, וועלכע זיי וועלען פעראנשטאלטען, וועט מעהר ערפאלג האבען.

חאטש ט-אך די עטליכע פעהלערען דאט דער ערשטער אבענד אויך גענוג ערפאלג געהאט.

R.

דער יודישער ארבייטער פעראיין „חירות" אין קראקוי, וואס האט מיט דעם ערשטען ליטעראַרישען אבענד א שטארקען בייפאהל געהאט, מאכט אויך יעצט בעקאנט די געעהרטע לעזער, דאס שבת דעם 25-טען פעברואר אום האלב 8 אוהר ביי נאכט וועט זיין דער צווייטער ליטעראַרישער אבענד אין לעזע זאל „עזרא" דיעטעלסגאססע 33 I שטאק.


## נייעס!

## מיר גאראנטירען פיר ביליגער ווי איבעראל.

וויכטיג פיר בוכהענדלער, פעראיינען ביבליאטהעקען אונ לעהרער.

ווענדעט זיך צום גרויסען בוכהאנדלונג „איזראעליט" אין ווילנא רודניצקער שטראסע הויז שאפירא.

דארט וועט איהר געפינען א גרויסען אויסוואהל ביכער פון דער בעסטער ליטעראטור פיר ביבליאטהעקען יודישע און העברעאישע. די אללע וועלכע זיינען געדרוקט אין רוסלאנד, אויך דיא וועלכע זיינען געדרוקט אין אמעריקא, אויך איז ביי אונז צו יעדער סעזאן צוגעגרייט א גרויסער אויסוואהל פון אלע זארטען נייעסטע אוטשעבניקעס איך געפינט זיך ביי אנז א גרויסער לאגער פון אלע זארטען רומעל ספרים אין די בעסטע פראכטפאלסטע בענדער, אויך אלע ארטיקלען וועלכע נאר בער-לאנגען צום ספרים געשעפט איז ביי אנז דא שטענדיג אויף לאגער, אויסער דעם איז ביי אונז פאראן א גרויסער לאגער פין ווינשקארטען אויף ראש השנה, וועלכע מיר ערהאלטען צו יעדער סעזאן נייע טראנספארטען מיט נייע מוסטערן אונ מיר פערקויפען צו פאבריקס-פרייזען.

ביי אונז איז דער הויטפ פערקויף פון די נייע אידישע **נאציאנאלע שרייב-טעטראדען**, וועלכע זיינען מיט אידעשע בילדער אונ נאציאנאלע לידער, אויך מיט פראוואלאך וויא צו שרייבען העברעאיש און איך זשארגאן. כעמישע טעטראדען אויף איבערצוציען אין אלע שפראכען

ווער עס וויל האנדלען ביליג אונ ראיעל זאל זיך ווענדען צום בוכהאנדלונג „איזראעליט" אין ווילנא

וועט ער פערזיכערט זיין מיט די ביליגסטע פרייזען וואס נאר מאגליך איז.

ציוניסטישע פעראיינען, ביבליאטעקען אונ לעהרער גיבען מיר ארויס דעם זעלבען גרויסען פראצענט וויא מען גיט די גרעסטע בוכהאנדלער.

פון נייע קונים פאדערט זיך 10% האנדגעלד.

מיט עהרע

בוכהאנדלונג „איזראעליט".

אדרעסס: Книж. маг. „ИЗРАЕЛИТЪ" Вильна,

Рудницкая ул. д. Шапиро.


Verantwortlicher Redacteur M. Fischer, Herausgeber A. Reisen. — Druck von Josef Fischer Krakau.

אין ניכען וועט ערשיינען פון דרוק :

# די יודישע חרעסטאמאטיע

אין 3 אבטהיילונגען.

צוזאמענגעשטעלט פון אברהם רייזען.

נענויער אין קינפטינע אנאנסען.

ר. מאזין ענד קאמפ

פערלאגסבוכהאנדלונג, בוכדרוקעריי אונד בוכבינדעריי

65 אלד מאנטאגיו סטריט, גענען איבער בלעק ליאן יארד, ווייטשעפעל לאנדאן

אין אונזער פערלאג איז זא עבען ערשיענען

## אריגינעלע אידישע מוזיק

פיר פיאנא, וויאלין אדער געזאנג. צווייטע פערבעסערטע אויפלאגע.

"בר כוכבא". אפערע פון גאלדפאדען מוזיק ארראנזשירט פיר פיאנא, וויאלין אדער געזאנג פון פראפ. גארפינקעל, פרייז 3 שיל. — "שולמית" אפערע פון גאלדפאדען, פרייז 3 ש. — "יאנקעלע געהט אין שול אריין". פרייז 6 פ. — "שטעה אויף מיין פאלק". פרייז 6 פ. — "מיין הייליג לאנד". פרייז פיר פיאנא 6 פ. פיר וויאלין אדער געזאנג 4 פ. — "דער עוויגער יוד". פרייז 6 פ. — "התקוה". (העברעאישער און ענגלישער טעקסט אונטער די נאטען). פרייז 6 פ. — "אל טל ואל מטר". (העברעאישער און דייטשער טעקסט אונטער די נאטען). פרייז 6 פ. — "נודו למיללת". ענגלישע ווערטער פון לארד ביירון העברעאישע פון י"ל גארדאן און דייטשער טעקסטע זיינען אללע געדרוקט אונטער די נאטען. פרייז 6 פ. — "ע"ו נהרות בבל". פון מ. ראזענפעלד. פרייז 6 פ. — "מן המצר קראתי יה". פרייז 6 פ. — "דר. הערצל מארש". פיר פיאנא. פרייז 6 פ. — "צעהן ציוניסטישע ליעדער". פרייז פיר פיאנא 6 פ. פיר וויאלין אדער געזאנג $4\frac{1}{2}$ פ. — "כל נדרי". (ארטהאדאקסע מעלאדיע). פרייז 6 פ. — "דער פאגראם אין קישינעוו". ליעד פון פרוג זשארגאנישער, ענגלישער און דייטשער טעקסטע אונטער די נאטען פרייז 6 פ. — "די מאמע און דאס קינד". פרייז 6 פענס.

די טעקסטע פון די מוזיק זיינען געדרוקט אונטער די נאטען און אויך אין עזונדערע אויסגאבען וועלכע ווערדען צוגעגעבען אומזאנסט אלס א פרייע ביילאגע. קאטאלאגען פון מוזיק נאטען און פון אללערהאנד ביכער און ספרים ווערען געגעבען אומזונסט.

R MAZIN & Co 65 Oldmantaguest. LONDON N E

## אין פאריז

קען מען "דאס יודישעווארט" אבאנירען און איינצעלנע נומערן בעקומען ביי :

**W. SPEISER,**

**23 Rue des Ecouffes 23, PARIS.**

# קאטאלאג

פון דעם

## פערלאג „פראגרעס", ווארשא.

1) ב. פיינענבוים. „שטיינער וואס פאלען פון הימעל". אפאפולערע ערקלעהרונג וועגען מעטעאריטען, שטערען־שנופען און קאמעטען . . . . . . . . 10 ק'.
2) פ. שטרייסלער. „קולטור־געשיכטע", פאפולער בעאר־בייט דורך א. ברעסלער . . . . . . . . . 25 .
3) וו. קאראלענקא. „דער בלינדער מוזיקאַנט" . . . . 35 .
4) ב. פיינענבוים. „דארוויניזמוס", אדער דארווין האט געטראפען. . . . . . . . . . . 10 .
5) ל. טאלסטאוי. „וועמענס גלויבען איז בעסער" ? איבער־זעצט פון ה. וויכנין . . . . . . . . . 5 .
6) אברהם רייזען. „צייט־ליעדער". (מיט אפאַרוואַרט) 20 .
7) וו. גארשין. „די געפאלענע פרוי", איבערזעצט פון ה. וויכנין . . . . . . . . . . . 10 .
8) א. ברעסלער. „יוסף פערל," זיין ביאגראפיע, ליטעראַרישע און אלגעמיינע ארבייט . . . . . . . . 10 .
9) ש. ל. הורוויץ. „בנימין פראנקלין", זיין לעבענס בע־שרייבונג און די בעפרייאונג פון אמעריקא . . . . 20 .
10) ה. ט. באקל. „די געשיכטע פון דער ציוויליזאציאן א ענגלאנד", קורץ פאפוליאריזירט דורך א. ברעסלער . . . . . 20 .
11) נ. רובאקין. „ווי לעבען די חיות ?" (בילדער פון זייער לעבען) . . . . . . . . . . . . 40 .
12) קוראטשקין. פפלאנצען־לעבען וועגען געוואקסע . 30 .
13) סיפאווסקי. „סאקראטעס", דער גריכישער פילאזאף. 20 .
14) וו. לינקעוויטש. „דונער און בליץ", איבערזעצט פון א. ר. . . . . . . . . . . . . 15 .
15) א. באנדאנאוו. „עקאנאמישע לעהרע", (פאליטישע עקאנאמיע) בעארבייטעט דורך א. ש. זאקס . . . . 25 .
16) א. רייזען. „ערצעהלונגען און בילדער" . . . . . 25 .
17) מ. נארקי. „חברים און דער לעזער", איבערזעצט דורך ד"ר א. מארקאוו . . . . . . . . . . 15 .
18) א. יצחקי. וואהין געהען מיר ? . . . . . . . 3 .
19) שלום אש. „אין א שלעכטער צייט," (בילדער און ערצעהלונגען) . . . . . . . . . . . . 30 .
20) א. באנדאנאוו. „די שקלאפעריי", (צווייטעס העפט פון די עקאנאמישע לעהרע) בעארבייטעט דורך א. ש. זאקס 15 .
21) נ. רובאקין. „די לעצטע ערפינדונגען", בעארבייטעט דורך ה. וויכנין . . . . . . . . . . 10 .
22) יאהר־בוך „פראגרעסס" אזשורנאל פיר ליטעראטור וויסענשאפט און קריטיק ערשטער בוך, רעדאגירט דורך אברהם רייזען . . . . . . . . . . . 75 .
23) ח'יה זעלדעס. „ווינטער אבענדען", פאפולער וויסענ־שאפטליכע געשפרעכען . . . . . . . . . 25 .
24) קודריאווסקי. „אדם הראשונ'ס דורות", אדער די פאהר־היסטארישע צייט פון מענשען . . . . . . . . 25 .
25) א. יצחקי. „פ. סמאלענסקין", זיין ביאגראפיע. . . 20 .
26) קאראבטשעווסקי. „ערצעהלונגען וועגען ווילדע מענשען, איבערזעצט דורך א. ברעסלער . . . . . 10 .
27) יאנישעווסקי. „וועגען לופט", איבערזעצט דורך ד. פולם (ד. פינסקי) . . . . . . . . . . 10 .
28) פאוולאוויטש. „ווי האבען מענשען געלעבט ? . 10 .
29) א. רייזען. „ליעדער פון לעבען . . . . . . 50 .

אדרעססע פון פערלאג „פראגרעסס" :

Я. Лидскій, Книжный магазинъ, Варшава, Налевки 32.

די אלע וואס אבאנירען דאס „יודישע ווארט" אויף א האלב יאהר בעקומען די אלע ביכער פיר א העלפט פרייז.



# די אלגעמיינע
# יודישע ענציקלאפעדיע

„די אלגעמיינע יודישע ענציקלאפעדיע" איז די ערשטע ענציקלאפעדיע, וועלכע ווערט ארויסגעגעבען אין דער יודישער שפראך. און דאס איז נאך אינזער מיינונג, איינע פון די וויכטיגסטע בעדייטונגען פון אונזער ענציקלאפעדיע. נייע געדאנקען, נייע ווערטער, נייע ערשיינונגען ווערען צום ערשטען מאל ערקלערט, ווי ווייט מעגליך ענציקלאפעדיש, אויף אונזער מיטערשפראך. איצט וועט יעדער פון אונזער גרויסער פאלקס-מאסע קענען בעקומען א ריכטיגען בעגריף וועגען אלע וויכטיגסטע זאכען אין דער נאטור און אין דער מענשליכער געזעלשאפט. נאך א גרעסערע בעדייטונג האט „די אלגעמיינע יודישע ענציקלאפעדיע" דער מיט וואס אין איהר ווערט צום ערשטען מאל אין דער יודישער ליטעראטור צונויפגעקליבען, ווי ווייט מעגליך, אלע ידיעות, אלע ערשיינונגען פון דער געשיכטע פון די יודען אין אויסלאנד און בעזונדערס אין רוסלאנד. אזעלכע ידיעות בנוגע צו רוסלאנד מוזען צונויפגעקליבען ווערען פון פערשיעדענע ערטער, ווייל קיין אלגעמיינע געשיכטע פון די יודען אין רוסלאנד האבען מיר נאך עד היום נית אויף קיין שפראך.

פיעל כחות, פיעל מיטלען, פיעל צייט מוז מען אוועקלעגען אויף דער יודישער ענציקלאפעדיע און מיר האפען, אז קיינער וועט אונז נית חושד זיין, אז מיר זענען אויסען צו מאכען מיט דער ענציקלאפעדיע „גליקליכע געשעפטען". נאר מיר זענען איבערצייגט, אז די גרויסע יודישע פאלקס-מאסע אין רוסלאנד וארט מיט אונגעדולד אויף וועלכע ס'איז מיטלען, וועלכע זאלען איהר בעהילפיג זיין אין איהר גייסטיגער ענטוויקלונג, און מיר ואלטען זיך געשעצט גליקליך, ווען אונזער ענציקלאפעדיע וואלט געבראכט האטש וויפיעל עס איז נוטצען דער אלגעמיינער בילדונג פון די רוסישע יודען.

## אין דער ענציקלאפעדיע ווערען געגבען בילדער, פאטרעטען און אויך געאגראפישע קארטען.

אין דער ענציקלאפעדיע נעהמען אנטהייל:

ש. בעלינקי, ד"ר י. בראנשטיין, ר. ברײנין, אינזש. ב. גאליארקין ש. גינזבורג, א גרינער-לוריא, אינזש. י. דימשיץ, ד"ר ח. ד. הורוויץ מ. הורוויץ, ל. וויגאדסקי, ש. ווינער, ב. וועליקאווסקי, ח. זאקס, י. טעפליצקי. ד"ר י. טשערני, ד"ר פ. לאנדער, ד"ר י. לוריא, ל. לוריא, ד"ר י. ליאקומאוויטש, מ. לעווין, ה. מ. מייעראוויטש פ. מארעק, י. מארקאן, ד"ר ש. סקאמאראווסקי, ד"ר ה. עהרענבורג, ד"ר י. צייטלין, ד"ר י. צינבערג, י. קאצענעלסאן, אינזש. צ. קאראבאטשקין, ז. ה. ראבינאוויטש. א. ראגינסקי, א. שולמאן, ד"ר בן-ציון שיינין און פיעל אנדערע.

די ענציקלאפעדיע געהט ארויס העפטען-ווייז צו 3 געדרוקטע בויגען.

אזעלכע העפטען וועט זיין אין גאנצען אונגעפעהר 30.

די פרייז פון יעדעם העפט 25 ק'. מיט פארטא 30 קאפ

די וואס אבאנירען זיך אויף אלע העפטען און טראגען אריין פאראויס 1 רובל בעקומען די 2 העפטען און צאהלען פאר די איבריגע צו 25 ק'. מיט פארטא. און די לעצטע 2 העפטען בעקומען זיי אומזיסט.



---

### ה. יצחק דאם אין ווילנא
שטעפאן גאס נר' 5

נעמט אן אבאנענטען און פערקויפט איינצעלנע נומערן פון „דאס יודישע ווארט".

### ש. פרידמאן
בוכהענדלער אין וויטעבסק.

נעמט אן אבאנענטען און פערקויפט איינצעלנע נומערן פון „דאס יודישע ווארט".

### א. אינדיצקי
בוכהענדלער אין ביאליסטאק

נעמט אן אבאנענטען און פערקויפט איינצעלנע נומערן פון „דאס יודישע ווארט".

### א. מ. הערצבערג.
בוכהענדלער אין ביעלא צערקאוו

נעמט אן אבאנענטען און פערקויפט איינצעלנע נומערן פון „דאס יודישע ווארט".

---

מיר בעטען אלע אגענטען אין רוסלאנד, וואס וועדען זיך צו אונז על פי טעות אין קראקוי וועגען דאס „יודישע ווארט" צו ווענדען זיך צו אונזער איינציגען פערטרעטער פיר גאנץ רוסלאנד:

Я. Лидскій, Книгоиздательство „Прогрессъ"
Варшава, Налевки 32.

---

**Открыта подписка на 1905 г.**

*на посвященныя еврейской жизни, исторіи и литературѣ перio дическія исданія*

**газету „ВОСХОДЪ"**

**И ежемѣсячный журналъ „КНИЖКИ ВОСХОДА"**

*Содегжаніе газеты: руководящія статьи по всѣмъ текущим вопросамъ еврейской жизни въ Россіи и за границей, хроника всѣхъ новѣйщихъ извѣстій, корреспонденціи изъ провинціи и заграницы сенатская и судебная практика по еврейскимъ дѣламъ (сенатскі, указы), юридич. Безплатная консультація (отвѣты на юридическіе вопросы подписчиковъ въ особомъ отдѣлѣ), обзоры еврейской руской и польской печати, фельетонъ (разсказы и проч.), провинціальный отдѣлъ, критика и библіографія,*

*Подписная цѣна на „Восходъ" съ „Книжкати Восхода" 10 руб, въ годъ (допускается разсрочка: при подпискѣ — 4 р., къ 1 марта 4 р., и къ 1 іюля — 3 р.): на газету (безъ „Книжекъ") 7 р, (въ разсрочку: при подпискѣ 3 р., къ 1 марта 2 р. и къ 1 іюля 2 р.)*

*„Книжки Восхода" -- выходитъ ежемѣсячно въ размѣрѣ до 10 печатныхъ листовъ. Повѣсти и разсказы изъ еврейской жисзни стихотворенія и популярн научныя статьи по исторіи, литературѣ, религіи, философіи, критикѣ вопр. общественной жизни. Желая способствовать его широкому распространенію, редакція установила отдѣльную подписку за крайне доступную цѣну 12 книгъ за 3 р. (съ перес.)*

*Подписавшісся на газету съ „Книжками" получаютъ при Книжкахъ Восхода"*

С. М. ДУБНОВЪ *всеобщая исторія евнеевъ, на основаніи новѣйшихъ научныхъ изслѣдованій, Кн. III: новое и новѣйшее время 1498-1900*

*ГЛАВНАЯ КОНТОРА „ВОСХОДА" помѣщается въ С. Петербургѣ Лиговская, 36.*